# דער גולם

## פון ה. לייוויק

א דראמאטישע פאעמע
אין אכט בילדער

פאדערבלעטער געצייכנט פון י. [illegible]
האלצשניטן פון [illegible]

## פערזאנען:

מהר"ל
רבי־צין
דבורה׳ל
דער גולם
יצחק
יעקב
שמש
ר׳ באסעווי
תנחום
טאדעאוש
מאנאך

דער הויכער
דער רויטער
דער בלינדער
די קרומע פוס
דער הארבאטער
דער קראַנקער
(אָרימע לייט)
דער אלטער בעטלער
דער יונגער בעטלער
(וואַנדערער)

דער אינו נראה
דאָס געשטאַלט פון מהר"ל
דער גייסט פונ׳ם ניט באשאפענעם
דאס געשטאלט פון טאדעאוש
דער מאן מיט׳ן קרייץ
הייל־רוחות
די אונטערערדיגע
אידען

פראג. זיבעצענטער יארהונדערט

דעם אנדענק פון מיינע פארשטארבענע

עלטערען : שאול און אסתר

א לוידיגער פלאץ אויפ׳ן ברעג פון תינטער פראג, פארטאג. אלץ ארום איז שטיל און פינסטער. ר׳ לוי ב״ר בצלאל, אדער מהר״ל, א 70־יאָריגער זקן, שטעהט איבער אַנ׳אָפּגעצייכענטען בערגעל ליים און קנעט אינ׳ם ליים א גוף פון א מענשען. דער גוף איז שוין פארטיג. לעבן אים שטעהט ר׳ אברהם דער שמש, העלפט אים אין דער ארבייט. מהר״ל הויבט זיך אויף פון איבער׳ן גוף און רעדט צום שמש:

מהר״ל

שוין פארטיג. אלץ איז פארטיג. איצטער לויף אין שול
צו יצחק׳ן און יעקב׳ן און הייס זיי קומען.

שמש

און איך זאל שוין דארט בלייבען, רבי?

מהר״ל

פארבלייב אין שול. נאָר זעה, אברהם,
זאל זיין פארשלאָסען אין דיין הארץ אויף אייביג
דער סוד, וואָס דו ביזט זוכה אים צו וויסען —
זאָלסט קיינמאָל זיך ניט אויסריידען פאר קיינעם.

שמש

אויף אייביג, רבי.

מהר״ל

און זיי זאָג אויך דערווייל ניט אויס, אז אלץ איז גרייט.
זיי דארפען אונגעריכטערהייט אליין דערזעהן.
עס הויבט שוין אָן צו טאָגען, אייל.

שמש אָפּ.

**מהר"ל**

*בויגט זיך איבער'ן גוף.*

יע, אלץ איז גרייט און איינגעהילט אין פינסטערניש.
די גרויסע שעה פון וואונדער קומט צוזאמען מיט'ן טאג, —
און אז איך קוק אויף אט דעם גרויסען גוף,
וואס מיינע פינגער האבען אויסגעקנאטען און באהעפט,
שוין זעה איך, ווי עס שפאנט אהער זיין שאטען,
דער שאטען פון א לעבעדיגען שוין...

*הויבט דעם קאפ צו דער הויך.*

ווער בין איך דען צו זאגען: איך באהעפט? —
כ'בין בלינד געוועזן און דו האסט זעהענדיג געמאכט מיך,
פון הימעל־הויך א וועה געטאן אויף מיינע ברעמען
און מיר אנטפלעקט דעם שלאפענדיגען גוף.
ער שלאפט שוין דא ווער ווייסט פון וויפיל דורות...
און ערגעץ וואנדערט זיין נשמה אום פארבענקטערהייט.
צי האט פון דורות'דיגען וואנדער די נשמה
צום שלאפעדיגען גוף צוריק דעם וועג פארגעסען,
צי אפשר שלאפט זי אויך אין ערגעץ וואו באזונדער
און ווארט אויך, ווי דער גוף, דו זאלסט א צווייטען מאל
צועפענען מיר מיינע ברעמען און אנטפלעקען...
אט הער איך פליגלען דרעהען זיך ארום מיין קאפ,
די גאנצע נאכט ארום איז פול מיט פלאטער.
א ווארטענדיגער אויסגעצויגען ליגט דער גוף,
אנ'אפגעדעקטער קוקט ארויף דער קאפ צום הימעל
און פון די טויטע ליפען רייסט זיך א געבעט...

*פארדעקט דעם פנים מיט די הענט. שטעהט א לאנגע צייט.*
*טרעט אפ אויף צוריק דערשראקען.*

ווער איז עס דורכגעפלויגען מיר פארביי די אויגען,
מיט עפעס שטעכעדיגעס אנגערירט מיין שטערן,
מיט עפעס גרילצענדעס געשריען מיר אין אויער?

פון וואַנען קומט דער טעמפּער אָפּקלאַנג, וואָס איך הער?

קוקט זיך אַרום און הערט זיך צו.

איך זעה ניט קיינעם. שטיל. עס פליסט דער טייך,
עס לעשען זיך די שטערען איינער נאָכ'ן צווייטען.
דער מזרח־זייט האָט שוין געדאַרפט זיך דורכשיינען,
ער ווערט נאָר פינסטערער... אַ, שטאַרק מיך, בורא עולם,
איך האָב אין מיטען פון מיין האַפּערדיגער פרייד
דערזעהן אַ צווייטען שאָטען פון דעם גרויסען גוף...

עס דערהערט זיך מיט אַמאָל אַ וויי׳ער שאָרך, און עפּעס דורך אוים שוואַרצעס שפּאַנט איבער'ן טייך, וויגט זיך און דרעהט זיך אַרום זיך אַליין.

ווער טרעט עס אויף דער אויבערפלאַך פון טייך?
ווער נענטערט זיך צו מיר און ווערט ניט נעגטער,
דערווייטערט זיך פון מיר און ווערט ניט ווייטער?

דאָס געשטאַלט וואַקסט אויס פאַר'ן מהר"ל'ס אויגען.

מהר"ל

ווער ביסטו, פינסטערער געשטאַלט?

געשטאַלט

דערקענסט מיך ניט?

מהר"ל

איך זעה ניט דיין געזיכט.

געשטאַלט

דערקענסטו ניט מיין קול?

מהר"ל

דיין קול איז ווי אַ קאַלטער ווינד,
וואָס טראָגט זיך אין אַ טיפער גרוב אַרום
און האָט ניט קיין אַרויסגאַנג, קיין אַריינגאַנג.

געשטאַלט

איך האָב אַ קול, וואָס איז נאָך ניט קיין קול,
איך האָב אַ האַרץ, וואָס איז נאָך ניט קיין האַרץ.

מהר"ל

ווער ביסטו, זאָג, ווי רופט מען דיך ביים נאָמען?

גערשטאַלט

ערשט שפּעטער וועט מען מיך ביים נאָמען רופן,
דערווייל בין איך נאָך אויף דער וועלט ניטאָ,
דערווייל בין איך אַ שאָטן פון אַ שאָטן —

מהר"ל

פון וואַנען קומסטו?

געשטאַלט

איך בין געקומען וואָרנען דיך: באַשאַף מיך ניט,
ניט נעם מיך פון מיין רוהיגקייט אַוועק.

מהר"ל

פאַרשווינד, איך הייס.

געשטאַלט

איך זאָג דיר נאָכאַמאָל און וואָרען דיך: באַשאַף מיך ניט.
דו זעהסט: עס לעשען זיך די שטערען אַלע,
אַזוי וועט אויסגעלאָשען ווערען יעדער שיין
פון יעדענס אויג, וואָס וועט אַ קוק טאָן נאָר אויף מיר;
און וואו מיין פוס וועט נאָר אַ טראָט געבען
פאַרוויסטונג בלייבען וועט אויף יענעם אָרט,
צו וואָס איך וועל נאָר צולייגען מיין האַנט
אויף שטויב און אַש צושאָטען וועט עס ווערען... —
ניט בייט מיר אויס מיין פינסטערניש, מיין שטילקייט
אויף דעם גערויש פון גאַסען און פון מענשען.

מהר"ל

אָ, העלף מיר אין דער שווערסטער רגע, גאָט.

געשטאַלט

איך וויים, דו וועסט ניט הערען מיין געבעט,
דארום בין איך געקומען וואָרנען דיך —
מיין וואָרנונג זאָל אויך זיין, ווי אַ געבעט.
דו האָסט אַ גאַנצע נאַכט געקנאָטען מיך,

געפורימט מיך מיט קאלטקייט און רציחה —
און מיר איז גוט אזוי געווען צו זיין נאר ליים,
צו ליגען טויט און רוהיג אויסגעמישט
מיט אלע זעמדעלאך און שטיינדלאך פון דער ערד
פון אייביגקייט ביז אייביגקייט אזוי...

מהר״ל

פארשווינד צו דיין באהעלטעניש, געשטאלט.
עס זאל דיין מורא פאר׳ן לעבען און דיין טרויער
מיט דיר אין דיין באהעלטעניש אוועק. —
ווען קומען וועט די שעה פון גרויסען וואונדער,
אזוי ווי עס אנטלויפט די נאכט פון מזרח,
אזוי וועט דיין פארצווייפלונג אויך אנטלויפען.
עס האט מיך גאט געשיקט, איך זאל דיך קנעטען,
איך זאל דיך אפטיילען פון שטיינערדינען באדען
און מיט דעם ערשטען שיין, וואס צינדט זיך אן אין הימעל,
אריינבלאזען אין דיר א לעבעדיגען אטעם.

געשטאלט

איך וויל ניט.

מהר״ל

עס איז דיין רצון גארנישט. אנגעצייכענט
שוין זענען אלע וועגען, טעג און נעכט
פאר דיר און אלע מעשים דיינע.
דו ווערסט באשאפען ניט אזוי זיך לעבען,
נאר גרויסע וואונדער טאן באהאלטען און פארבארגען.
געהיימניספולע וועלען זיין די מעשים דיינע.
ס׳וועט קיינער פון דיין גבורה גארנישט וויסען,
א האלץ־העקער, א וואסער־טרעגער ועסטו זיין.

געשטאלט

א גולם.

מהר״ל

א שליח פון א פאלק, א גרויסער גבור.

געשטאַלט

אַ משרת — איבער ווענען צו נעוועלטיגען.

מהר"ל

אַ לעבעדיגער מענש.

געשטאַלט

אַ לעבעדיגער מענש? וואָס שטעהסטו און דו ווארטסט? וואו איז שוין די נשמה, וואָס עס דאַרף אין מיר אריינ־ געבלאָזען ווערען?

וואָס עפענסטו נים אויף די אויגען מיר,
וואָס שטעלסטו נים אריין קיין הארץ אין מיר?
וואו איז די צונג, די ציין, וואו איז דאָס בלוט,
וואָס דאַרף אין מיר אריינגעגאָסען ווערען?
ווי ווילסטו, איך זאָל זיין? אַ בלינדער, צי אַ שטומער?
אַ הינקעדיגער, אפשר גאָר אַ טויבער?
און אפשר אַלץ צוזאַמען, זאָג... עס געהט די נאַכט אוועק,
עס קומט דער טאָג. אַ פינסטערניש, אַ פינסטערניש,
איין רגע נאָך אין דיינע אָפּגרונטען פארדעק מיך,
און לאָז מיר זיין איין רגע נאָך וואָס ביז אהער:
אַ טויטער בערגעל אויסגעטריקענט ליים.

דאָס געשטאַלט ווערט צופלאָסען אין דער פינסטערניש.

מהר"ל

אין מיין געליטערטער געהייליגטער כונה
אַ פינסטערניש האָט זיך אריינגעריסען.
איך האָב אַליין מיט מיינע שרעקעדיגע ווערטער
אַ פגימה אין דעם קומענדיגענס הארץ געמאַכט.
אַ, איך האָב נים בייגעשטאַנען דעם נסיון
און האָב נים אויסגעהיט מיין הארץ פון טרויער,
פון צער און פון רחמנות... שווער און שווערער
איצט פאַלט אויף מיר מיין שרעקעדיגער וואָרט.
איך האָב אליין מיט מיינע הענט זיין מזל אָפּגעווענדעט
צום וועג פון פיין, צוטומלעניש, צומישונג...

און וואכען לאנג דורך גאנצע טעג און נעכט
איך האב מיין מח און מיין הארץ געלייטערט,
איינגאנצען אויסגעטאן פון זיך און פון דער וועלט,
אין איין מחשבה, ד י י ן מחשבה, זיך פארוואנדעלט.
איך האב געזעהן פאר זיך נאר איינעם, איינעם:
אט קומט ער און אט עפענט ער די אויגען.
א שמייכעל א באהאלטענער אויף זיינע ליפען
און גבורה אייזערנע אין זיינע ארימס.
ער זעהט — און קיינער וויים ניט, אז ער זעהט,
ער געהט — און קיינער וויים ניט זיינע וועגען,
זיין לעבען און זיין טויט — איין שטילער אטעם,
איין רוהיגער, פארבארגענער בטחון...
ער קומט ניט צווישען קיינעם און ער רעדט ניט,
ער ליגט זיך א פארווארפענער אין ערגעץ
אוןווארט אויף דער מינוט צו זיין גערופען...
און איצט וואס זאל איך טאן? אין לעבעדיגעןווארט
אריינגעכאפט האט זיך דער צווייפעל און דער שרעק,
די ביטערע און כעס'דיגע איינזאמקייט...
איך זעה, איך בין ניט ווערט אין דיינע אויגען;
און אפשר האב איך צופיל זיך געגרוייסט,
אריינקוקען געוואלט אהין, וואו קיין מענש נאך
האט ניט אריינגעקוקט ביז היינט... איך זעה, איך זעה —
וואס בין איך געגען דיר? — א ווארים קליין,
אליין — א שטיקעל ערד, א זעמדעל שטויב...

*לאנגע שטילשווייגונג.*

*עס באווייזט זיך די געשטאלט פונים כמר טאדעאוש. ער געהט גלייך אנקעגען מהר"ל.*

מהר"ל

טאדעאוש. יע, ס'איז ער, ער געהט אנקעגען,
איך האב נאר וואס דערמאנט אים און געדאנק, —
פון גאט א צווייטער סימן זאל עס זיין?

געשטאלט

*שלאגט זיך אפ אן מהר"ל. טרעט אפ צוריק*

וואס טוסטו דא אין מיטען נאכט?

מהר"ל

ניט מיטען נאכט, נאר אנהויב טאג איז שוין.

געשטאלט

וואס טוסטו דא אין אנהויב טאג?

מהר"ל

איך טו אין אנהויב טאג, וואס גאט פארזאגט מיר טאן.

געשטאלט

און וואס האט גאט פארזאגט דיר טאן אזוינס,

וואס איך זאל דארפען קומען זיין דערביי?

מהר"ל

דו דארפסט ניט זיין. קענסט ווייטער געהן דיין וועג.

געשטאלט

אז איך קען געהן מיין וועג, דאס איז באוואוסט.

טארעאוש גיט אנ'עצה זיך אליין.

נאר זעה, פון וואנען קומען דאס צו דיר אזוינע אויגען?

רציחה שפריצט פון זיי און שווארצע גבורה.

ווי קומט רציחה צו א רב? איך האב שוין אין מיין לעבען,

אין תפיסות און אויף שייטערס פונ'ם הייליגען געריכט,

געזעהן אזויפיל פנימ'ער פון אידען,

אזויפיל אויגען אלערלייאיגע, און קיינמאל נאך

האט ניט געמאכט זיך מיר צו זעהן א אידענס אויגען,

וואס זאלען טאן א קוק אויף דיר מיט אמת'ער

גזלנ'ישער רציחה, בייזען האס, ווי דיינע איצט —

זיי זעהען אויס, ווי אויגען פון א ווילדען גולם...

מהר"ל

*פארדעקט זיך מיט די הענט. זיינע אקסלען צוקען.*

געשטאלט

וואס האסטו מיט אמאל פארדעקט דעם פנים?

געבליבען שטיל? און וואָס איז דאָס? ווער ליגט דאָ אויף דער ערד?

אַ מת, צי וואָס? די גאַנצע צייט איך שטעה
און ניט באַמערקט.

בויגט זיך איין און קוקט אויפ'ן לייטיגען גוף.

וואָס זעהען מיינע אויגען?
וואָס טוט זיך דאָ? אַ מענש פון ליים געקנאָטען
ליגט אויסגעצויגען אויף דער ערד —

טרעט אָפּ און צלם'ט זיך.

אָ, יעזוס הייליגער!

מהר"ל

ביז וואַנען ער וועט זוכה זיין צום לעבען,
אַ האַנט אַ הויב טאָן, אויפשטעלען אַ פוס,
טראָג איך דערווייל דעם קוק פון זיינע אויגען —
געשטאַלט

באַשיץ מיך פון ניט־גוטען און פון אַלע
ניט געצלם'טע, פאַרשאָלטענע, אָ, יעזוס...

פאַרשווינדט.

מהר"ל

שווייגט אַ לאַנגע צייט. כאַפּט זיך אויף ווי פון פאַרגעסענהייט.
קוקט זיך אום.

אַ צווייטער צייכען זאָל עס זיין פון דיר?
איך זעה, עס מוז געשעהן. די האַנט פון גאָט
האָט מיך צוזאַמען מיט דעם בערגעל ליים
אריינגערינגעלט אין איין רינג, צונויפגעפּאָרט...
און אַלץ וואָס איך פאַרטראַכט דערזעה איך,
און אַלץ וואָס איך דערזעה ווערט קומען...
עס מוז געשעהן, עס מ ו ז . . .
און איצט איז גוט און ליכטיג אויף מיין הארצען —
ווייל איך — וואָס בין איך?... דיינע צייכענס זענען אמת, —
עס מוז געשעהן, עס מוז...

עס קומען פונ'ם וועג פון שטאָט מהר"ל'ס צוויי תלמידים, יצחק הכהן און יעקב הלוי. יעקב טראָגט אין האַנט אַ פעקעל קליידער. זיי קומען שפּיל. קוים רירענדיג די ערד מיט די פיס.

מהר"ל

גיעהט זיי אַנקעגען.

איר זענט אין צייט געקומען, קינדער.

יצחק

עס טאָגט שוין, רבי.

מהר"ל

האָט קיינער אייך באַמערקט?

יעקב

מיר זענען אַן דער זייט פון וועג געגאַנגען.

מהר"ל

איר האָט אין שול די גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט?

יצחק

די גאַנצע נאַכט. באַזונדער איינער פונ'ם צווייטען
געשטאַנען זענען מיר און תפלה הויך געטאָן,
ביז האַלבע נאַכט קיין ליכט ניט אָנגעצונדען.
די פינסטערניש האָט אונז אַרומגעכאַפּט,
ווי מיט אַ דיקער וואַנט צושיידט אונז איינס פון צווייטען,
אַזוי דערווייטערט, אַז דער קול פון יעדען
האָט צו דעם צווייטענס אויער ניט געקענט דערגרייכען.
פון אָנפאַנג האָט די ווייטקייט מיך געשראָקען,
אַזוי ווי איך וואָלט ערגעץ אין אַ שוואַרצען וואַלד
געזוכט אַ וועג, און, ניט געפינענדיג, געלאָפען
אַלץ שנעלער און אַלץ ווייטער אין זיין טיפקייט.
נאָר מיט אַמאָל האָב איך איינגאַנצען זיך באַרוהיגט,
און טיפער נאָך און טיפער זיך דערווייטערט...

יעקב

און נאַכדעם, רבי, הערט וואָס איז געשעהן:

מיר שטעהען, דוכט זיך, איינער פונ'ם אנדערען פון ווייטען,
און פינסטער איז, מיר רירען ניט פון ארט זיך,
אזוי ווי צוגעקלעפט מיר װאלטען זיין צום באדען,
און יעדען דוכט זיך, אז ער איז נאר איינער,
אליין אין שול... אט קומט אן האלבע נאכט און מיר,
ווי איר האט אונז פארזאגט, מיר צינדען אן די ליכט,
וואס יעדער האט פון פריהער אנגעגרייט —
ערשט — וואונדער זעהען מיר: מיר שטעהעןביידע
דערנענטערט איינער לעבען צווייטען האנט ביי האנט,
און ביידענס ליכט זיי שיינען אונז אין פנים...

יצחק

א גרויסער וואונדער, רבי.

מהר"ל

א גוטער סמן, קינדער, אייער הארץ
עס האט געלייטערט זיך דורך תפלות,
געווארען ראוי צו דער גרויסער ברכה,
וואס אייער מויל וועט דארפען באלד ארויסזאגען.

יצחק

מען מעג אויף אים א קוק טאן, רבי?

מהר"ל

איר מעגט. געהט צו און טוט א קוק.

ביידע בוגען זיך צום גוף און קוקען.

יעקב

דערווייל נאך זעהט מען גארניש. ליים.

יצחק

אט נעמט דער ליים און עפענט אויף אנ'אויג...

יעקב

און טוט א הויב א פוס. —

יצחק

און טוט א קרים דעם פנים, טוט א לאך...

שפרינגט אפ א דערשראקענער.

מהר"ל

וואָס איז דיר, יצחק?

יצחק

דערשראָקען זיך. אַ קוק געטאָן אויף אים.
דערמאָנט זיך אָן אַ חלום אַ געזעהענעם.

מהר"ל

אַ חלום? ווען?

יצחק

איך האָב געזינדיגט, רבי, זייט מיר מוחל.
אין האַלבער נאַכט, ווען אָנגעצונדען האָבען מיר די ליכט,
אַ ספר תורה האָבען מיר פון ארון קודש,
ווי איר האָט אונז פאַרזאָגט, אַרויסגענומען,
זי אָפּגעוויקעלט, אויפגעמישט די סדרה בראשית,
און איינער האָט דעם צווייטען אויפגערופען,
און יעדער האָט געלייענט זיבען מאָל
די ערשטע פּרשה; קיינער האָט די קריאה
ניט געשטערט. מיר האָבען זיך די ספר תורה
צוריק אַריינגעשטעלט אין ארון קודש,
און שטיל פאַר זיך גענומען זאָגען תהלים.
און ווי איך שטעה אַזוי געווענדט צום וואַנט און זאָג,
ערשט מיינע ברידער האָבען זיך גענומען קלעפּען.
איך שטאַרק זיך ניט צו איינשלאָפען, און נעם נאָך העכער
דעם תהלים זאָגען... מיט אַמאָל, איך הער, געשרייען,
פאַרצווייפעלטע געוויינען. ווערען נענטער, נענטער.
עס טוט אַ פראַל די טיר און אַלע פענסטער.
די שול ווערט פול מיט אידען טויט-דערשראָקענע,
זיי וואַרפען זיך אין אַלע ווינקלען און זיי פאַלען,
צולייגען זיך אַהן אַטעם אונטער אַלע טישען...
און ווי זיי ליגען שטום אַזוי, — עס פליהט אַריין
אַ מאָרנער מענש אַזאַ, אַ הויכער מיט אַ גרויסען קאָפּ,
מיט לאַנגע הענט און גרינע שטעכעדיגע אויגען,

ער האַלט אַ שווערד אין האַנט און פעכט אין אַלע זייטען,
אַראָפּ, אַרויף, און שניידט אויף רעכטס און לינקס.
אַט ליגען אַלע שוין צושניטענע אויף בלוט,
פאַרדעקטע אין דער פינסטערניש און גוסס'ען...
אַט הויבט ער אויף די האַנט אויף מיר און וויל זי שוין
אַראָפּלאָזען אויף מיין קאָפּ אויך, — ערשט מיט אַמאָל
זענט איר אַריינגעקומען, רבי.

מהר"ל

איך?

יצחק

און ווי ער האָט נאָר אייך דערזעהן, אַזוי איז ער
געבליבען אָפּהענטיג, אַראָפּגעלאָזט די שווערד,
געקומען געהן צום טיר, נאָך איר האָט אים דעם וועג
פאַרשטעלט, ארויסגעכאַפּט דעם שווערד פון זיינע הענט
און איבער זיין געזיכט אַ זעץ געטאָן, און — וועה,
איר האָט אים גיט געטראָפען —

מהר"ל

אויסער זיך.

ניט געטראָפען?

יצחק

געטראָפען אין דער לופט.

מהר"ל

ער איז אַנטלאָפען?

יצחק

ניין, ער איז צושוואונדען, ווי אַ שאָטען נים געוואָרען.
דער ליים-געשטאַלט האָט מיר דערמאָנט אָן אים.

מהר"ל

פאַר זיך.

אזויפיל צייכענס! אזויפיל שלעכטע צייכענס.
צי וועט קיין איינציג שטראל נים דורכשיינען דורך זיי?
דורך אלע וועגען פיר מיך, דורך אלע וועגען,
נאר זאל דורך אלץ, וואס איז פאר מיר פארשטעלט,
זיך דורכרייסען דער איין און איינציג שיין פאר מיר...

יעקב

מען האט אין שול געריעדט פון שלעכטע צייטען,
פארצייטיגע און איצטיגע, פון אלע קלאנגען,
וואס געהען אום אין פראג, פון איינעם א רוצח,
וואס האט געמארדעט אידען קליין און גרויס,
איז האט זיך אים געחלומ'ט, רבי, איצט פון דעם —

מהר"ל

יע, שלעכטע צייטען קומען אן אויף אונז, תלמידים מיינע,
און יערערער פון אונז ער ווערט געבראכט
צו שווערע אונפארמיידליכע נסיונות...
און מיט די שלעכטע קומען אויך די גרויסע צייטען,
מיר דארפען גרייטען זיך און געהן אנקעגען זיי...
און איצט, איר זעהט, האט גאט געבראכט אונז
צום אנפאנג פון די שווערע גרויסע צייטען...
איך זעה אויף אייך, איר שרעקט זיך פון דעם אלעם,
איר שטעהט געקלעמט אין אנגסטען.

יצחק

מיר ציטערען די הענט פון שרעק. אוועקלייגען דעם פעקעל, רבי?

מהר"ל

איז אלץ דא אינ'ם פעקעל?

יצחק

אלץ, רבי.

יעקב

עס טאגט שוין באלד.

יצחק

און וואו וועט ער זיך אויפהאלטען, אין שול?

מהר"ל
ניט פרעגט אויף גאָר נישט מער. האַלט איין דעם שרעק,
באַהאַלט אים טיף אין האַרץ, און מיט דעם שרעק
פאַרבאָרגט אויך אַלץ, וואָס איר וועט זעהן און הערען דאָ.
**און איצט קומט צו צום וואַסער אָפּגיסען די הענט...**

*געהען צום טייך.*

---

דער חדר מיוחד פון מהר"ל. באַגינען. מהר"ל קומט אַריין, דער באַשאַפענער בלייבט שטיין אויף יענער זייט טיר. ער איז הויך און די טיר צו נידעריג. אַז מען דאַרף זיך איינבויגען ווייס ער ניט.

מהר"ל

בויג איין דעם קאָפּ. די טיר איז נידעריג און דו
ביסט הויך; זאָלסט וויסן אַלע מאָל — אַ הויכער,
וואָס וויל אַריינגעהן אין אַ נידעריגער טיר,
דאַרף איינבויגען דעם קאָפּ. דו זעהסט — אַזוי.

ווייזט ווי מען בויגט איין דעם קאָפּ.

גולם

קומט אַריין אַן'איינגעבויגענער און שטעהט.

מהר"ל

הויב אויף דעם קאָפּ און גלייך זיך אויס.

גולם

גלייכט זיך אויס. שטעהט שטום. ער איז שטאַרק און ריזיג. גרויסע אויגען. עטוואָס טעמפּעס אין זיי און שווערעס און אין דער זעלבער צייט קינדישעס. גראָבליכע ליפּען מיט טיפע ווינקלען פאַרענדיגטע. אַ פאַרגליווערטער שמייכעל אויף זיי. דער שמייכעל — פון גאָרנישט. און אָט, דוכט זיך, נעמט דער שמייכעל און צוקרימט זיך און ברעכט אויס אין אַ געוויין. געגרוי-

זעלטע שוואַרצע האָר אויף זיין קאָפּ. אַזוי אויך די וואָנצעס און די באָרד. די אויגען זיינע עפענען זיך אַלץ מער און מער פּאַנאַנדער, קוקען צוגלאָצטע אויף אַלץ אַרום.

מהר"ל

די אויגען דיינע זענען אָפען. דו האָסט געזעהן
דעם הימעל שוין, די זון, וואָס געהט אין מזרח אויף,
באַגעגענט אידען שוין אין גאַס, און דיינע פיס
זיי האָבען שוין געטראָטען איבער גאַסען, הויפען.
איך האָב גערעדט צו דיר און רייד אויך איצט צו דיר,

גולם

שווייגט.

מהר"ל

דו האָסט אַ מויל און ציין, אַ צונג צום ריידען, —
וואָס שוויינסטו?

גולם

שטומט.

מהר"ל

רייד, איך הייס דיר ריידען. יאָסעל איז דיין נאָמען.

גולם

ציטערט אויף.

יאָסעל?

מהר"ל

דו ביסט אַ מענש.

גולם

אַ מענש.

מהר"ל

דו האָסט אַ האַרץ צום לעבען.

גולם

צום לעבען.

מהר"ל

שטעה נים אַמהענטיג אַזוי.

דיין נאָמען דאָך געדענקסטו,—

גולם

שווייגט.

מהר"ל

האָסט פאַרגעסן? יאָסעל איז דיין נאָמען. זאָלסט געדענקען.

גולם

יאָסעל.

מהר"ל

און מיך ווי רופט מען, ווייסטו?

גולם

רבי.

נעמט שפּאַנען איבער'ן שטוב, קריכט איבער די בענק, טיש, וואַרפט זיי אום. שפּאַרט זיך צו דער וואַנט. שטויסט זי. די שויבן ציטערן.

מהר"ל

וואָס טוסטו? שטעה. וועסט אויפוועקן פון שלאָף
דאָס גאַנצע הויז.

גולם

איך וויל אַרויס פון דאַנען.

שלאָגט אין וואַנט.

מהר"ל

איך זאָג דיר — שטעה. אַרום אַ באַנק, אַ טיש,
מען געהט פאַרביי און ניט מען קערט זיי איבער,
און דורכגעהן דורך אַ וואַנט אויך קען ניט קיינער.
איך זאָג דיר, שטעה, ניט שלאָג אין וואַנט.

גולם

איך וויל אַרויס פון דאַנען.

מהר"ל

איך האָב דאָך אויפ'ן וועג שוין דיר פאַרזאָגט,
זאָלסט פאָלגען אַלץ, וואָס איך וועל דיר באַפעלען.

גולם

*זעצט זיך אראפ אויפ'ן דיל הילפלאז.*

איך פאלג דיר, רבי.

מהר"ל

אלעמאל זאלסטו

צו מיינע רייד זיך צוהערען און ניט פארגעסען.

געדענקסט דיין נאמען?

גולם

יאסעל רופט מען מיך, איך ווייס.

מהר"ל

שטעה אויף פון דיל און זעץ זיך אויפ'ן באנק.

*ער נעמט אים פאר א האנט, העלפט אים אויפשטעלען זיך, זעצט אים אוועק אויפ'ן באנק.*

ביסט מיר, איך זעה, דו קומסט פון ערגעץ ווייט.

ניט האב קיין מורא. ביסט א גוטער אורח דא.

גולם

א גוטער אורח דא.

*קוקט זיך ארום און שמייכעלט.*

מהר"ל

וואס שמייכעלסטו?

גולם

איך ווייס ניט, רבי. אויף די שויבען ברענט עפעס.

איך ווייס ניט, רבי.

מהר"ל

די זון נעהט אויף אנטקעגען.

גולם

דיין בארד איז לאנג און ווייס. און מיינע — שווארץ.

מהר"ל

אהינטער'ן שטאדט האב איך דערזעהן דיך ליגענדיג.

דו ביסט געשלאפען שטארק.

גולם

איך ווייס ניט, רבי

אַ פייער קומט פון ערגעץ צו די שויבען,
ער ווערט אַלץ רויטער, גרעסער. אויך די ווענט
זיי ווערען אָנגעצונדען, זעה, און אויך דיין פּנים...

שפּרינגט אויף און לאָזט זיך ווידער שפּאַנען.

מהר"ל

וואוהין?

גולם

אַהין. צום פייער. כ'האָב מורא דאָ צו זיין.

מהר"ל

דו טאָרסט ניט נעהן.

גולם

איך וויל אַהין, איך וויל.

דו ביסט אַנקעגען מיר אַ קליינינקער אַזאַ,
אַן'אַלטינקער, אַ קליינער קאָפּ אַזאַ ביי דיר,
דו רעדסט צו מיר און טרייסעלסט זיך.
עס ציטערען די הענט ביי דיר.

מהר"ל

האָסט ווידער שוין פאַרגעסען ווער איך בין!

גולם

איך ווייס נישט.

מהר"ל

ועסט מיין משרת זיין.

אויף דעם ביסטו אין הויז צו מיר געקומען,
ועסט זיין אינגאַנצען אונטער מיין רשות.

גולם

וואָס דאַרף איך טאָן?

מהר"ל

דערווייל נאָך גאָרנישט.

ועסט וואוינען דאָ, ביז אפשר ערגעץ אַנדערש.

דו ווילסט אין מיין הויז וואוינען?

גולם

ניין.

מהר"ל

דו קענסט אין ערגעץ ניט אוועקגעהן. ביסט א פרעמדער.
ביי מיר אין הויז וועט זיין דיר גוט און היימיש.

גולם

עס הויבט זיך עפּעס אינוועניג אין מיר און ווערגט,
און קלאפּט, א קלינגעריי איןביידע אויערן,
און פאר די אויגען — רויט און גרין...
און מיינע פיס זיי הויבען זיך, זיי ווילען געהן,
און מיינע הענט אַט גיבען זיי א כאפּ דיך פאר'ן האלז
און טראָגען זיך אוועק מיט דיר... וואָס איז דאָ, זאָג,
איך וויל אַנטלויפען און איך קען ניט.

שרייט.

זאָג, וואָס איז דאָ?
איך וויל א זעץ טאָן מיט א האנט דיר איבער'ן קאָפּ —
און קען זיך ניט א ריר טאָן... זעה, איך פאַל באַלד אום,
עס דרעהען זיך די ווענט אַרום,
דער פייער דורך די שויבען ווערט אַלץ גרעסער,
עס קומען זיך די ווענט צוזאַמען מיט דער מיר
און ווילען זיך אויף מיר א וואַרף טאָן. לאָז מיך געהן...
איך וויל צושליידערען, צו־וואַרפען... כ'וועל מיין קאָפּ
אַראָפּדרעהען פון זיך אַליין און אויך די הענט און פיס.
פאַרלעש דעם פייער אַרום מיר,
נעם צו די ווענט.

ער שטויסט זיך מיט ווילדקייט אין וואַנט אַריין, קלאַפּט מיט
די פויסטען. די ווענט טרייסלען זיך.

מהר"ל

איך הייס דיר ווערען רוהיג.
עס הויבען אָן צו קומען אין דיין גוף די גרויסע כחות,

זיי רייניגען פאַר זיך אַ וועג אין דיין נשמה.
די שוואַרצע פינסטערניש, דער גלגול פון דיין לעבען,
ניט אָפּגעלאָזט האָט נאָך דיין קאָפּ און האַרץ
און רעדט אַרויס פון דיר מיט אומריינקייט און פלוך...

ער לייגט אַרויף די הענט אויפ׳ן גולם׳ס קאָפּ, גלעט אים און נעמט אים איין.

עס צוקען דיינע אַקסלען. זעץ זיך. אָטעם אָפּ.
איך האָב פאַראויסגעזעהן דעם אויסברוך פון דיין האַס.
ביז וואַנען עס וועט קומען יענע שעה פון קלאָרער פרייד,
פון אויסגעלייטערטען געוויין, פון שטראַלענדיגער רוה —
זאָל אויפהערען דערוויייל דיין בלינדער שרעק,
זאָל פאַלען אויף דיין האַרץ דערווייל מיין ערשטע ברכה,
מיין ערשטע טרייסט אויף דיין צוטומעלטען געדאַנק.
דו ווייסט ניט ווער דו ביסט, און וואונדערסט זיך מיט שרעק
אויף זיך אַליין, אויף דיינע הענט און פיס;
עס האָט מיט דיר געטראָפען עפּעס וואָס אַזוינס,
וואָס האָט אין דיין זכרון אָפּגעמעקט דיין גאַנצען לעבען
ביז היינט צו טאָג... דו הויבסט אָן פון דאָס ניי...
אַ גאַסט ביסטו ביי מיר, אַ גוטער גאַסט,
און דאָס אַליין איז שוין גענוג דו זאָלסט דערזעהן
דעם ערשטען אָפּשיין פון דיין ערשטער האָפנונג. —
פאַרוואַרף ניט אַזוי שווער דעם קאָפּ.

מען געהט אהער.

האָסט אויפגעוועקט דאָס גאַנצע הויז. זאָלסט נאַרנישט ריידען.
דו ביסט אַ גאַסט געקומען פון דער ווייטער פרעמד —
און דאָס וועט זיין דיין ענטפער.

גולם

איך בין אַ גאַסט געקומען פון דער ווייטער פרעמד,
פאַרגעסען אַלץ, וואָס איז מיט מיר געווען...

ר ב י ׳ צ י ן און ד ב ו ר ה ׳ ל קומען אַריין דערשראָקענע אויפגעוועקטע פון שלאָף.

רבי׳צין

וואס טוט זיך דא? ווער האט אזוי די שטוב געטרייסעלט?

דבורה׳ל

אזוינע שרעקליכע געשרייען, זיידע.

מהר״ל

עס האט זיך אייך געחלומ׳ט.

רבי׳צין

גאר געחלומ׳ט —

עס האט מיך פונ׳ם בעט ארויסגעשליידערט.
אזוינע גוואלדען... זעה, ווער זיצט עס דא?
ווער איז ער, אריה לוי?

דבורה׳ל

אוי, א מענש א מאדנער.

מהר״ל

וואס האט איר זיך אזוי דערשראקעןביידע?
אנ׳אורח פון דער פרעמד. פון טבילה געהענדיג
דערזעהן האב איך אים ליגענדיג אין גאס
אנ׳אויסגעמאטערטען פון וועג. ווער איז ער? וואס? —
איך קען ביי אים ביז איצט נאך ניט דערגעהן.
ער רעדט אזוי ניט קלאר און ניט פארשטענדליך,
אז בעסער שוין מען זאל אים גאר נישט פרעגען. —
אנ׳ארימאן ווייזט אויס.

דבורה׳ל

ער זעהט אויס אונגליקליך אזוי —

רבי׳צין

און קוקט ניט אויס נאר ווי א איד. אזוינע הענט,
אזוינע אקסלען האט עס דיר א מענש. —
עס שרעקט מיך עפעס, אריה לוי. —

מהר״ל

שרעק זיך נים.

דאס זעהט ער אויס אזוי פון וועג.

דבורה׳ל

אוי, באָבע, קוק.

אזוינע אויגען שטעלט ער אויס אויף מיר! —
וואָס וויל ער, זיידע? פרעג אים.

מהר״ל

נעהט אין שטוב.

ער איז א שוויינענדיגער מענש. ער ענטפערט ניט.

דבורה׳ל

אָט הויבט ער ווידער אויף דעם קאָפּ און קוקט.
אזוינע גלאַנציגע און טרויעריגע אויגען.

רבי׳צין

ניט קוק אויף אים. קום גיהן פון דאַנען, טאָכטער;
אַנ׳אָרימאַן — מען דאַרף אויף אים רחמנות האָבען. נאָר
דער מענש געפעלט מיר ניט. ווי רופט מען אייך, ר׳ אורח?

גולם

יאָסעל.

שמייכעלט. שטעלט זיך אויף און קוקט אַנגעשטרענגט מיט
באוואונדערונג אויף דבורה׳לען.

רבי, ווער איז זי?
וואָס האָט זי מורא, רבי? וואָס אנטלויפט זי?

דבורה׳ל

באהאַלט מיך, באָבע; קום אַרויס פון דאַנען,
ער קוקט אויף מיר. איך שרעק מיך.

רבי׳צין

זעהסט —

דאָס קינד דערשראָקען. א משוגענער צי וואָס?
אזוינע אויגען שטעלט עס אויס א מענש!

מהר״ל

וואָס קוקסטו, יאָסעל?

גולם

ווער איז זי, רבי? וואָס אנטלויפט זי?

מהר"ל

זי איז מיין טאָכטער, הערסט? זאָלסט וויסען.
זאָלסט גאָר גישט ריידען וועגען איהר.

גולם

עס הענגען

אריבער איהרע אקסלען איהרע לאנגע האָר. —

דבורה'ל

וואָס רעדט ער, באָבע? קום, כ'האָב מורא.

רבי'צין

א חרפה גאָר אזוינס צו הערען.

מהר"ל

ער ווייס אליין נים וואָס ער רעדט. ער איז צוטומעלט,
נערירט, ווייזט אויס, א ביסעל פונ'ם זינען...

גולם

פלוצלונג.

עסען.

מהר"ל

עסען? יע, נעה ברייננ אים וואָס.

רבי'צין

נאָך פאר'ן דאַווענען?

מהר"ל

זעהסט נים, ווער ער איז?

רבי'צין

דו, טאָכטער, קענסט נאָך שלאָפען געהן א ביסעל,
איך וועל אליין שוין ברייננען אים צו עסען.

רבי'צין און דבורה'ל אפּ.

גולם

וואוהין איז זי אוועק?

מהר״ל

דיר עסען ברייננגען.

גולם

דערנאָך וועט זי פון מיר שוין ניט אוועקגעהן ?

מהר״ל

איך האָב דיר שוין געזאָגט : זי איז מיין טאָכטער,
זאָלסט נאָר נישט ריידען און ניט טראַכטען וועגען איהר.

מיט שאַרפקייט.

איך זעה, ביסט גאָר אַנ׳אַנדערער געוואָרען,
אין איין מינוט אַנ׳אויפגעציטערטער א שפּרונג געטאָן.

גולם

עס איז מיר גוט געוועזן, ווען יעדעס מאָל
זי האָט געקוקט אויף מיר.

מהר״ל

זיי שטיל !

גולם

און פאַר א האַנט אויך טאָר איך זי ניט נעמען ?

מהר״ל

אפילו קוקען טאָרסטו ניט אויף איהר... זיי וויסען —
פאַר דיר איז אָנגעצייכענט נאָר אַנ׳אַנדער לעבען,
אַנ׳אַנדער לופט צו אָטעמען, אַנ׳אַנדער שפּראַך.
דו וועסט עס מיט דער צייט דערזעהן, דערפילען. —
דערווייל זיי שטום, פאַרשלאָסען אין דיין שטומקייט.
דו הערסט — זיי שטום.

גולם

צו קיינעם גאָרנישט ריידען ?

מהר״ל

נאָר ענטפערען אויף וואָס מען פרעגט דיך, און ניט מער.

מיט מענשען זאָלסטו זיין פון ווייטען. קומסט אריין
אין שול, צי ערגעץ אנדערש — אין א ווינקעל
אנ׳אָפּגעזונדערטער פאַרנעם אנ׳אָרט. וועט צוגעהן ווער
און עפּעס פרעגען דיך, אָהן בייזקייט ענטפער.
דיין אָפּגעזונדערטקייט איז ניט קיין שטראָף, קיין אונגליק, —
עס איז דער וועג, וואָס וועט צו וואונדער און צו פרייד
דיך פירען. —

גולם

*זעצט זיך, פאַרוואַרפט מיט'ן קאָפּ.*

פינסטער ווערט מיר מיט אמאָל.
איך זעה שוין גאָרניט, רבי. — האַלט מיך צו,
איך פאַל.

מהר"ל

דו פאַלסט ניט. הונגעריג ביסטו.

*רבי׳צין קומט אריין און דבורה׳ל נאָך איהר. רבי׳צין ברענגט מילך און ברויט און א קרוג מיט וואַסער. דער גולם זיצט אראָפּגעזונקען איבער׳ן טיש.*

רבי׳צין

וואַשט זיך, ר׳ אורח.

גולם

*זיצט אונבאַוועגליך.*

רבי׳צין

וואָס איז אים, אריה לוי? זעה, ער הויבט ניט אויף
דעם קאָפּ —

דבורה׳ל

ער שלאָפט, צי וואָס?

רבי׳צין

ר׳ אורח, וואַשט זיך עסען. אָט איז וואַסער.
וואָס שווייגט ער, אריה לוי? פרעג אים דו.

גולם

*הויבט אויף די אויגען און שווייגט.*

רבי׳צין

איך ווילט דאָך עסען. וואַשט זיך.

מהר״ל

שטעל אַוועק.

ער וועט שוין עסען. — וואַש זיך, יאָסעל.

דער גולם גיסט די וואַסער אויף די הענט, ווישט זיי אָפּ אומגעלומפּערט אָן האַנטוך, וואָס די רבי׳צין האַלט צו. רעדט גאָר נישט. נעמט עסען מיט אַפּעטיט.

רבי׳צין

קיין ברכה, קיין המוציא. — זעה, ווי הונגעריג ער שלינגט דעם ברויט. אַ צער צו קוקען.

מהר״ל

איך זאָל אים אפשר הייסען דאָ פאַרבלייבען?

רבי׳צין

מיט אונז?

מהר״ל

איך דאַרף דאָך אַ משרת סיי ווי סיי.

און פאַר דער שול אַ האָלץ־העקער, אַ וואַסער־טרעגער.

רבי׳צין

דאָס קינד האָט זיך אַזוי פאַר אים דערשראָקען. —

און גאָט ווייס, חס ושלום, ווער ער איז אַזוינס?

מהר״ל

אַ מענש, מען זעהט, אַנ׳עהרליכער, אַנ׳עלענדער.

רבי׳צין

דו מיינסט אַזוי, מסתמא ווייסטו בעסער —

נאָר איך —

מהר״ל

האָסט מורא?

רבי׳צין

יע, זאָל גאָט מיך נאָר ניט שטראָפען.

מהר"ל

ניטאָ פאַר וואָס צו מורא האָבען. גאָט האָט אין דער רעכטער צייט
נעשיקט אים מיר אין וועג אַנקעגנען.

רבי'צין

וואָס מיינסטו, אריה לוי?

מהר"ל

איך דאַרף שוין לאַנג
אַ משרת האָבען, אַ געזונטען מענש ווי ער...

רבי'צין

מסתמא ווייסטו, אריה לוי. — איך וועל גען.

צום גולם.

אייך ברייננען אפשר עפּעס נאָך צום עסען?

גולם

שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

רבי'צין

צו דבורה'לען

וואָס געהסטו נאָך נאָך מיר? גען לייג זיך שלאָפען.

דבורה'ל

כ'האָב מורא, באָבע.

רבי'צין

אַ קינד ביסטו, צי וואָס.

מהר"ל

לייגט אַרויף אַ האַנט אויף דבורה'לס קאָפּ.

ניט האָב קיין מורא, טאָכטער.

דבורה'ל

ער בלייבט אויף שטענדיג דאָ?

מהר"ל

איך ווייס נאָך ניט.

דבורה'ל

ער נעמט נאָך אַלץ די אויגען ניט אַראָפּ פון מיר.

זי געהט אַרויס צוזאַמען מיט דער רבי'צין.

מהר"ל

נו, ביסט שוין זאט?

גולם

מיר קלעפען זיך די אויגען, רבי.

מהר"ל

זיי קלעפען זיך? ס'איז גוט. דו וועסט זיך דורכשלאָפען.
אנ'אנדער וועלט וועסטו דערזעהן דערנאָך.

גולם

שאָקעלט זיך אין דרימעל. טוט זיך א כאַפּ פלוצלינג.

איך וויל אוועקגעהן. עפעס ציהט מיך געהן.

מהר"ל

שוין ווידער. טאָרסט אין ערגעץ ניט אוועקגעהן.

גולם

און וואו איז דבורה'ל?

מהר"ל

איך האָב דאָך דיך פארזאָגט עפעס.

גולם

זי האָט געקוקט אויף מיר.
פארוואָס איז זי אוועק פון דאנען, רבי?
פארוואָס ביסטו אויף מיר אין כעס, בייז?

מהר"ל

איך בין ניט בייז אויף דיר. דיר דוכט זיך נאָר.
און דבורה'לען, זאָג איך דיר, דערמאָן ניט מער.

גולם

שווייגט.

מהר"ל

דו הערסט וואָס איך פארזאָג דיר?

גולם

כ'הער, רבי.

איך וועל דיר פֿאָלגען... זעה, די אויגען מיינע
פֿארקלעפּען ווידער זיך.

שלאָפֿט איין זיצענדיג.

מהר"ל

ער שלאָפֿט.

ער זעצט זיך אַנקעגען און קוקט ווי ער שלאָפֿט, שטעלט זיך אויף, שטעהט איבער אים, לאָזט ניט אַראָפּ די אויגען פֿון זיין שלאָפֿענדיגען געזיכט.

מהר"ל

אזוי פיל שטומער צער אויף זיין געזיכט...

גיט אַ ציטער.

אַט דאָס איז מיין געטרוימטער מענש?
מיין גבור? מיין שליח?... ער? — אזוינע הענט,
אזוינע אַקסלען, פיס... אזוי פיל גוף!
אזוי פיל שטומער צער?...

שטעלט זיך מיט'ן פּנים צום וואַנט און טרויערט. רבי'צין קומט אריין שטיל, קוקט פֿאַרוואונדערט.

רבי'צין

פֿארוואָס איז אזוי שטיל דאָ? אריה לוי!

מהר"ל קערט זיך ניט אָפּ פֿון דער וואַנט.

וואָס טוט זיך דאָ? כ'האָב מורא. אריה לוי!

מהר"ל קערט זיך אָפּ און מאַכט מיט'ן האַנט זי זאָל ניט ריידען, זי זאָל אַרויסגעהן.

רבי'צין

ביסט בלייך אזוי —

מהר"ל

ניט רייד. ער שלאָפֿט.

רבי'צין

גאָר זיצענדיג?

מהר"ל

עס מאַכט ניט אויס... ער דאַרף זיך דורכשלאָפֿען. ער מוז.

רבי'צין

א קישען אפשר ברייגגען איט?

מהר"ל

מען דארף נים.

איך קום אויך באלד ארוים.

רבי'צין אויף די שפיץ־פינגער אפ.

מהר"ל

שטעהט איבער'ן גולם, הערט ווי שטארק און טיף ער אטעמט.

---

אין חדר פון מהר״ל. פארנאכט. מהר״ל זיצט איבער א צועפענטען ספר און דרעמעלט. דבורה׳ל שטעהט לעבען אים א דערשראקענע און וועקט אים.

דבורה׳ל

זיידע, זיידע, כאפ זיך אויף.

מהר״ל

כאפט זיך אויף.

וואס איז? הא?

דבורה׳ל

דו שרייסט פון שלאף. אזוינע קולות, זיידע.

מהר״ל

מיט קולות, זאגסטו? א דרעמעל נאר געטאן. איין דרעמעל...
פון חלום, טאכטער.

דבורה׳ל

פייער, בלוט, האסטו געשריען —
פון פינפער טורעם עפעס —

מהר״ל

יע, א חלום, טאכטער,
געזעהן א שלעכטען חלום... גאה, מיין טאכטער,
ס׳איז גאר גישט, נאר א חלום...

דבורה׳ל אפ.

מהר״ל

זיצט צוגעדעקט דעם פנים מיט ביידע הענט, אנגעשפארט איבער׳ן טיש מיט׳ן קאפ.

גולם

קומט אריין מיט שטילע טריט און שטעהט לעבן טיר. ער האלט אין האנט א האק. שטעהט און קוקט אנגעשטרענגט אויפ'ן מהר"ל. וואס מער ער קוקט אלץ מער גולמ'דיג ווערט דער אויסדרוק פון זיין פנים. אט צושמייבעלט ער זיך מיט אמאל ארויסשטעלענדיג א רייה ווייסע ציין און אט ווערט זיין פנים צוזאמענגעצויגען, שטייף און פארגליווערט. געהט צו שטיל צום טיש, וואו מהר"ל זיצט א פארזונקענער אין שווערע מחשבות. ער זעצט זיך ארונטער אויפ'ן באנק פון צווייטען זייט פון טיש אקוראט אנקעגען מהר"ל, פארוואַרפט אויך דעם קאפ און נעמט אן דעם זעלבען אויסדרוק און פאזע ווי מהר"ל. זיי זיצען ביידע אזוי איינע קעגען די אנדערע א פאר רגע'ס. מהר"ל טוט זיך מיט אמאל א כאפ און דערזעהט אים. דערשרעקט זיך.

מהר"ל

אוי ווערה!... ס'איז דו? ווי קומסט אהער?
און ווער האט דיך אוועקגעזעצט ביים טיש?

גולם

איך ווייס ניט, רבי. איך זעה, דו שלאפסט, דו זיצסט. —

מהר"ל

דו דארפסט ניט נאכטאן אלץ וואס איך.
און וואס ביסטו אריינגעקומען איצט?

גולם

האסט מיך גערופען.

מהר"ל

ווען?

גולם

די גאנצע צייט,

איך הער, דו רופסט מיך: יאסעל! יאסעל!

מהר"ל

קוקט אים אן שטרענג.

איך האָב דיך ניט גערופען; הערסטו, ניין?
קענסט געהן צוריק צו דיין מלאכה, —
האָסט שוין צושפּאָלטען דען דאָס גאַנצע האָלץ?

גולם

זיי לאָזען מיר ניט שפּאַלטען.

מהר"ל

ווער?

גולם

זיי רייצען זיך מיט מיר.

מהר"ל

איך פרעג דאָך — ווער?

גולם

די אינגלאַך. גרויסע אידען אויך.
זיי שטעלען זיך אַרום און קוקען, קוקען,
און אַלע פרעגען ווי מען רופט מיך, אַלע,
פון וואַנען קום איך. —

מהר"ל

ענטפער ניט און שווייג.

גולם

איך ענטפער ניט. איך שווייג.
דו האָסט דאָך מיר געהייסען שווייגען.

מהר"ל

זיי ווילען דיר ניט טאָן קיין שלעכטס.

גולם

איך האָב זיי פיינט.

מהר"ל

דאַרפסט לעבען גוט מיט אַלעמען.

גולם

איך קוק אויף קיינעם ניט און רייד צו קיינעם ניט.
דו זעהסט, אַט קוקען זיי אַריין אין פענסטער.

מהר״ל

געהט צו צום פענסטער. קוקט ארויס.

ניט האָב קיין מורא. געה צוריק צו דיין מלאכה.
איך וועל אליין ארויסגעהן און פארזאָגען אלעמען.

גולם

זיי האָבען אויך קיין מורא ניט פאר דיר.
איך זאָג: דער רבי וועט באלד אָנשרייען אויף אייך,
און ווי איך זאָג דאָס — לאכען זיי נאָך מערער.

מהר״ל

נו, געה צוריק. איך וועל ארויסגעהן באלד.

גולם

איך וואָלט שוין לאנג געגעבען וועמען מיט דער האק —

מהר״ל

וואָס רעדסטו? דו?

גולם

נעם זיי צו פון מיר,
צוטרייב זיי אלעמען. וואָס ריידען זיי? וואָס קוקען זיי?
אזוינע רייד, אזוינע אויגען. אלע. אלע.
די האק לויפט לייכט אזוי אין מיינע הענט אליין
ארויף, אראָפ, ארויף, אראָפ, און איך בין אזוי הויך,
דער העכסטער. לויפט די האק אויך העכער, העכער...
אָט זאָגסטו, אז מען טאָר קיין האק ניט הויבען —
זי רייסט זיך דאָך אליין פון מיינע הענט...

מהר״ל

אליין? איצט זעה איך שוין. מער וועט זי זיך ניט רייסען.
איך האָב געגעבען לייכטקייט דיינע הענט,
אנ׳ארבייט — צו פארגרינגערען דיין איינזאמקייט.
„זאל פליהען ווי א פעדער אין דיין האנט די האק" —
אזוי האָב איך געגעבען דיר מיין ברכה.
נאָר איצט, איך זעה, מוז אנדערש זיין.
מיט מיה, מיט שווערער אנשטרענגונג, מיט שווייס

זאָל יעדער הויב פון האַק דיר אָנקומען.
און יעדעס מאָל, ווען אויפ'ן האַלץ וועט זיך דער שאַרף
אראָפּלאָזען, זאָל אויך דער אָטעם דיינער
אַרונטערזינקען, ווי אַ שווערע משא...
ס'איז ניט קיין שטראָף, נאָר דיר אַ טובה,
די לייכטקייט פון דיין האַנט זאָל דיך ניט רייצען מער...

גולם

איך האָב זיי פיינט, אַלעמען. דיך אויך.

מהר"ל

מיך אויך?

גולם

כ'האָב מורא פאַר דיין קוק, פאַר יעדען וואָרט.
און שטענדיג דוכט זיך מיר, איך הער דיין קול:
— „וואו ביסטו, קום אַהער". איך טו אַ זעץ
די האַק אין האַלץ אריין און ענטפער: „דאָ בין איך". —
און אַלע נעמען לאַכען, איבערקרימען: דאָ בין איך...

מהר"ל

געה ארבייטען, און קוק זיך ניט אַרום אויף קיינעם.

גולם

איך קוק דאָך ניט. איך האַלט אַראָפּגעלאָזט די אויגען.
די מענשען נאָר זיי צווינגען מיר צו אויפהויבען
דעם קאָפּ און אין די אויגען זיי אַריינקוקען.

מהר"ל

איך האָב דאָך אַ קמיע אָנגעטאָן דיר אויפ'ן האַלז,
אַזאַ, וואָס זאָל דעם קוק פון דיינע אויגען
דערנענטערען צו אַלעמענס געזיכטער. —

גולם

ס'איז נאָר געווען איין רגע גוט. צום ערשטען מאָל
ווען איך האָב, שפּאַלטענדיג דאָס האַלץ, אַ הויב געטאָן זיך
און אַרום זיך דערזעהן אַזוי פיל פּנים'ער און אויגען,
זיי האָבען אַלע, דוכט זיך, גוט צו מיר געשמייכעלט,

קיין וואָרט גערעדט, און נאָר אזוי געקוקט, געקוקט...
און פּלוצלונג, האָבען אלע מיט אמאָל גענומען ריידען,
ארומלויפען הין און הער און ווארפען מיט די הענט;
זיי האָבען עפּעס מאָדנע רייד גענומען שרייען
און הילכיג לאַכען, צולויפען און אָפּשפּרינגען צוריק —
און דאַן האָב איך געהערט אויך דיין געלעכטער. —

מהר"ל

מיינעם?

גולם

אזוי ווי דו וואָלסט זיך באהאַלטען הינטער זיי
און זיי גערייצט אויף מיר, זיי זאָלען שרייען: גולם...
איך האָב געלאָזט אין מיטען ארבייט און אנטלאָפען.
אהער געקומען.

מהר"ל

און איצט בארוהינסטו זיך?

גולם

דאָ איז גוט מיט דיר.

ווען דו וואָלסט שטענדיג זיין מיט מיר, ניט לאָזען מיך אליין,
איך וואָלט ניט מורא האָבען דאַן פאר קיינעמ'ס אויגען,
איך וואָלט זיך ניט געשראָקען, ווען איך הער מיין נאָמען...
ניט שיק מיך מער אוועק פון דיר.

מהר"ל

איך שיק דיר דען אוועק? דו זעהסט דאָך מיך
אזוי פיל מאָל אין טאָג. און ווען דו דארפסט מיך,
צו יעדער צייט קענסט קומען און מיך טרעפען.

גולם

איך וויל אויף שטענדיג זיין מיט דיר, אויף שטענדיג.
ווען אלע שטעהען, קוקען ווי איך שפּאַלט —
פארוואס ביסטו ניטאָ צווישען זיי, דו קענסט דאָך אויך,
אזוי ווי אלע, שטעהן די גאַנצע צייט און קוקען.

מהר״ל

**שמייכעלט צו זיך.**

די גאַנצע צייט? פאַרנעמט ער דען אַליין די רייד
פון זיינע ליפּען? טענה׳ט ווי אַ קינד אָהן שכל, בלינד —
נאָר עפּעס קוקט ארויס אַ שרעק אזא פון זיינע טענות,
אַ שרעק שוין ניט קיין קינדישער...

**צום גולם.**

און שלאָפען ווייסטו וואו דו וועסט? אין פינפער טורעם.
אַ פולע אידען שלאָפען דאָרט. דער שמש וועט
דיך ברייננגען שוין אהין, דיר מאַכען אַ געלעגער. —
וועסט דאָך ניט וועלען איך זאָל גַעהן מיט דיר אהינצו שלאָפען?

גולם

פאַרוואָס? איז ווייניג פּלאַץ דען דאָרט פאַר ביידען?

מהר״ל

**שמייכעלט. זיין פּנים ווערט טרויעריג. שטעלט זיך ביים וואַנט און פאַרטראַכט זיך. דער גולם קוקט, קוקט און שטעלט זיך אויך צום וואַנט צו.**

מהר״ל

**קערט זיך אַוועק פון וואַנד.**

מיט דיר זיין שטענדיג קען איך ניט. זיי ווייסען,
דו ביסט אהער געקומען זיין אַליין.
איז זאָג איך דיר: געה, טו דיין ארבייט, וואָס דו טוסט.
טוסט אָפּ — געה שלאָף, אַוואו מען הייסט דיר שלאָפען...
דאַרפסט זיין אַליין מיט זיך און ניט מיט מיר.
עס איז דיר פינסטער, שווער. די פינסטערניש איז דיינע
און זי וועט נאָכגעהן דיר אויף טריט און שריט,
ביז וואַנען זי וועט אויפשיינען אין ליכטיגקייט.
איך האָב פאַר אַ משרת דיך גענומען ניט אויף דעם,
איך זאָל דיר נאָכגעהן היטען; ווי דו עסט און שלאָפסט...

איך וועל דיך רופען, ווען איך וועל דיך דארפען, — געה.

גולם אפּ מיט דער האַק אין האַנט.

מהר"ל

אַליין.

אַלץ אַנגעשטרענגטער ווערט אין מיר מיין אונגעדולד,
פון אַלע בייזע קלאַנגען און ניט רוהיגע חלומות. —
ווער זאָל מיר פּותר זיין מיין חלום?
דו ווייזסט מיר צייכענס איינעם נאָכ'ן צווייטען:
סכנות גרויסע לויערען אויף אונז.
זיי קומען אָן, זיי שטעהען שוין אהינטער אונז.
דו עפענסט מיר די אויגען און איך זעה זיי:
בלבולים, בלוט און פייער און — פארניכטונג.
איך וויים, צוזאַמען מיט'ן אונגליק קומט די רעטונג; אויף דעם שווערד
ווערט אויך די טרייסט געבראַכט, און אין דעם שווארצען פלאַם
באַהאַלטען ליגט די ליכטיגקייט פאַר אונז, —
מיין האַרץ איז אָבער פול מיט אונגעדולד און אונרוה,
מיט אונגעדולד צו זיך אַליין — מיין גרעסטער חטא פאַר דיר.
דו האָסט געשיקט מיר אים, דעם אונבאַהאַלפענעם משרת.
אַנ'אונבאַהאָלפענער אַליין — ער זאָל אונז העלפען;
אַליין אַ פינסטערער — ער זאָל אונז ברייגען ליכטיגקייט;
מיר אַלע הענגען אויף אַ האָר ביים ראַנד פון אָפּגרונד,
און ער, דער אויסלייזער, דער ערשטער וויינט אַרוים נאָך הילף...
אַט האָב איך אים אַרויסגעשיקט מיט בייזקייט,
איז ער אין עפּעס שולדיג?

קוקט אַרוים פון פענסטער.

איך האָב אַליין, ווייזט אויס, נאָך מורא פאַר זיין קוק...
פארשפרייט האָסטו אויף אים דעם צער פון אונזין,
פון קאַלטער פרעמדקייט און אונהיימליכקייט,
אַז אַלע, און אויך איך, מיר זאָלען ניט דערזעהן נאָך
זיין אמת'ן געשטאַלט... מסתמא דאַרף אַזוי צו זיין.

איך ווארט, איך רייס מיין אונגעדולד ארויס פון הארץ,
דער שרעק, וואס געהט אויף אונז, ער זאל מיך ניט צוטומלען
און מיינע אויגען אויף דער עלטער ניט פארפינסטערען
צו קענען קוקען גלייך אין פנים פון זיין אמת׳ן געשטאלט...
זיין אמת׳ער געשטאלט וועט מוזען זיך אנטפלעקען,
ווייל ער איז — דיינער...

שטעהט אנגעשפארט ביים פענסטער. עס קומט אריין ר׳ באסעווי, אן עלטערער איד רייך אנגעטאן.

ר׳ באסעווי

א גוטער אווענד, רבי.

מהר״ל

א, א גאסט, א גאסט.

א גוטער יאר אייך, ר׳ באסעווי, זיצט.

ר׳ באסעווי

דער רבי זאל מיר מוחל זיין, וואס ניט געפרעגטערהייט —

מהר״ל

וואס רעדט איר, ר׳ באסעווי, אזא גוטער גאסט...

ר׳ באסעווי

איך געה דעם שול-הויף דורך, ערשט — רעדלאך פיל,
מען חדוש׳ט זיך, און אלע זענען אונרוהיג,
און קלאנגען געהען אום פון מויל צו מויל,
און איך אליין, איך זאל ניט זינדיגען מיט מיינע רייד,
בין איך ניט זעהר רוהיג, רבי.

מהר״ל

זעצט זיך, ר׳ באסעווי.

ר׳ באסעווי

זעצט זיך.

איך האב אין גארנישט ניט געשטערט אייך, רבי?

מהר״ל

אין גאר נישט, ר׳ באסעווי.

ר׳ באסעווי

טראכט איך: אפשר גאָר

אריינגעהן אויף א פּאָר מינוט צום רבי׳ן שמועסען.

מהר״ל

א גוטער איינפאַל, ר׳ באסעווי, זעהר וואויל פון אייך...
נאָר עפּעס זענט איר ניט מיט אַלעמען, צוטראָגען,
האָט אפשר עפּעס אַנדערש אייך געבראַכט אהער?

ר׳ באסעווי

עפּעס אַנדערש? ניין, איך ווייס אַליין ניט, רבי:
איר וואָלט געזעהן דעם טומעל אויפ׳ן שול־הויף.
ס׳איז עפּעס ניט ווי אַלע מאָל. דער מרה־שחורה׳ניק, דער תנחום
אַנ׳אָפּגעריסענער, א פינסטערער, האָט, גאָט ווייס וואו,
אזוינע רייד גענומען. שטעהט און רעדלאַך ארום אים,
ער שליידערט מיט די הענט און רעדט, און רעדט...
און דאָ צו אַלעם איז נאָך צוגעקומען ער, דער האָליץ־העקער,
ער ווארפט דאָך ממש אָן א פּחד, רבי...

מהר״ל

איר אויך ווי אַלע, ר׳ באסעווי? שטעהט א מענש
און אַרבייט, שפּאַלט. וואָס איז זיך דאָ צו שרעקען?
מיר האָבען לאַנג דאָך שוין געזוכט א גוטען האָליץ־העקער,
איר ווייסט דאָך, ר׳ באסעווי.

ר׳ באסעווי

יע, נאָר דער

האָט עפּעס גאָר ניט נושא חן געווען ביי קיינעם.
איר וואָלט באַדאַרפט ארויסגעהן, רבי, און א קוק טאָן,
ווי אַלע, קליין און גרויס, ארויסגעשאָטען האָבען זיך
פון אַלע הייזער לויפען אויפ׳ן שול־הויף קוקען,
ווי עפּעס אויף א בייזען וואונדער; און, דער אמת, רבי,
איך אַליין, דערזעהענדיג אים אָט אָקאָרשט,
האָב ביישטעהן ניט געקענט, געמוזט זיך אָפּשטעלען,

און קוקען, א פארכאפטער, ווי ער הויבט די האַנט...
כ'האָב קיינמאָל ניט געזעהן נאָך אַזא מענשען.
מהר"ל

(זיצט א פארטראכטער, א דערשראָקענער.)

ר' באסעווי
איהר ווייסט כאָטש, רבי, ווער ער איז? א היגער?
מהר"ל
צי ווייס איך ווער ער איז? אודאי ווייס איך.
קיין היגער טאָקע ניט. א פרעמדער, נאָר עס מאַכט ניט.
ר' באסעווי
איז האָבען מיר דאָך טאָקע ניט וואָס מורא האָבען,
ווי באַלד איר קענט אים, רבי.
מהר"ל
זאָגט עס אַלעמען,
ניטאָ זיך וואָס צו שרעקען.
ר' באסעווי
כ'וועל זאָגען, רבי.
מהר"ל
איר זענט נאָך אָבער אַלץ ניט רוהיג, ר' באסעווי,
איך זעה אָן אייער פנים.
ר' באסעווי
זייט מיר מוחל, רבי.
איך זינדיג אפשר טאָקע; צופיל אונרוה
האָט אָנגעקליבען זיך אין מיר פאר די פאָר טעג...
און אָט די אונרוה, מער פון אַלץ, האָט מיך
געבראַכט צו אייך איצט, רבי.
מהר"ל
נאָט איז אונזער פאָטער, ר' באסעווי.
ר' באסעווי
איך קום טאָקע אָט דאָס פון אייך צו הערען, רבי,
א וואָרט פון טרייסט, פון האָפנונג, בטחון.

איך בין שוין גרוי, און צייט געווען איך זאָל אליין
דאָס וואָרט פון טרייסט אין הארצען שטענדיג טראָגען,
און ניט דערשרעקען זיך און ניט פארלירען זיך אין שרעק...
וואָס קען מען אָבער טאָן? מיר זענען זינדיג, רבי,
און צייטען — שלעכטע, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען...
אָט האָב איך נעכטען, רבי, ניט געקענט
א גאנצע נאכט ביז טאָג קיין אויג פארמאכען...

מהר״ל

וואָס רעדט איר, ר׳ באסעווי?

ר׳ באסעווי

כ׳בין זיך מודה.

עס ווילט זיך מיר מיין שרעק פון הארץ אראָפּרייידען.

מהר״ל

צי מאכען מיר אליין ניט צופיל גרוים דעם שרעק?

ר׳ באסעווי

אליין? עס קען זיין, אז מיר מאכען אים צו גרוים,
עס קען דאָך אָבער זיין פארקערט: דער שרעק איז גרעסער,
נאָך גרעסער ווי מיר שטעלען זיך אים פאָר...
ווער ווייס, ווער ווייס, וואָס הינטער אונז עס ווערט געטאָן,
ווער ווייס, אין וועלכע נעצען אונזער פוס
ניט היינט איז מאָרגען וועט געפאנגען ווערען?
ווער ווייס, פון וועמענס הענט עס קומט דער אונגליק? —
וואָס וויל מען פון אונז האָבען, רבי? זאָגט,
איך מיין גאנץ פשוט, כ׳וויל פארשטעהן, באנעמען,
וואָס וויל מען פון אונז האָבען?...

מהר״ל

מען וויל פון אונז א פולע, ר׳ באסעווי. גאָר א סך, א סך...
נאָר געבען קענען מיר זיי גאָר נישט, גאָר נישט, הערט איר?
און אפשר קענען מיר, — אָ, יע, מיר קענען, ר׳ באסעווי,
מיר ווילען אָבער נים. מ י ר  ו ו י ל ע ן  נ י ט... מיר האָבען
צו אלץ און אלעמען פון גאָר דער וועלט

נאָר צוגערירט זיך מיט איין שפּיץ פון פינגער,
נאָר פון דער זייט אַ הויך געטאָן מיט אונזער אָטעם,
און אַלץ און אַלע פון דער גאַנצער וועלט
וועט טראָגן שוין אויף אייביג אונזער פינגער,
און שטורעמס, ווירבּלענדיגע שטורעמס וועלן אויסבּרעכן
פון אונזער לייכטען אויסגעהויכטען אָטעם...
צו וואָס גאָר דאַרפען מיר געפינען טעמים,
און פרעגען קשיות וואָס מען וויל פון אונז?
אויב טעמים זוכען — זאָלען זיי; זיי זוכען טאַקע,
זיי זוכען און געפינען, און אַז ווערה צו זיי,
צו זייער אָנגעשטרענגטען זוכען און געפינען!
און מיר — מיר שטעהען אָן דער זייט פון אַלע טעמים,
מיר זענען שווער און לייכט, דערנענטערט און דערווייטערט;
מיר ווילען — געהען מיר אַנקעגען מיט'ן פּנים צו דער וועלט,
מיר ווילען — ווייזען מיר דעם נאַקען צו דער וועלט;
די וועלט איז נאָר דער דורכגאַנג, נאָר דער פּרוזדור
צו אונז אַליין; ס'איז אפשר צו לאַנג, צו פאַרפּלאָנטעט
דער דורכגאַנג, אָנגעשטעלט מיט שפּיזען, העק, —
נאָר ווער וועט געהן זיך לאָזען אָפּראַמען די העק,
אַז אויך מיט זיי וועט מוזען ווערען אָפּגעראַמט
אויך אונזער אָנריר, אונזער רויטער טראָט?...

ר' באַסעווי
וועט מוזען אייביג ציהען זיך דער וועג?

מהר"ל
און מיר — נאָך אייביגער, און אויסלייזען די וועלט —
מיר קענען, נאָר מיר ווילען ניט.

ר' באַסעווי
מיר ווילען ניט?

מהר"ל
אָט דאָס איז דאָך, וואָס זיי וואָלטען געוואָלט.

**ר׳ באסעווי**

איך הער, און יעדעס וואָרט מאַכט גרעסער נאָך
אין מיר דעם צער.

מהר״ל

צער? וואָס איז, ר׳ באַסעווי, צער?
מיר זענען דאָך אַריינגעוואַקסען שוין אין אים, צונויפגעגעפּט זיך,
אַרומגעשפּרייט אים איבער זיך און אָנגעצונדען,
און אויפגעלויכטען און צעזייט אויף אַלע וועלטען...
אָט גיט אַ קוק אויף זיך אַליין איצט, ר׳ באַסעווי,
עס לויכט אויף אייך דער צער... און אָט אַ שעה
פון אונגעדולד קען קומען, גרעסער נאָך פון צער,
אַ שעה פון גרעסערער עקשנות נאָך, און איך, צי איר,
צי יעדערער פון גאַס, אפילו תנחום,
אָנשטאָט מיט איין שפּיץ פינגער אָנרירען די וועלט,
זאָל אויפהויבען אַ גאַנצע האַנט מיט אַלע
פינגער. —

וואָס מיינט איר, ר׳ באַסעווי, וואָלט געווען דאַן?

**ר׳ באסעווי**

אַנ׳אומגליק וואָלט עס זיין פאַר אונז, אַנ׳אומגליק.

מהר״ל

אַנ׳אומגליק? מעלט אייך אויס, אַז ניט נאָר איך,
צי איר, צי עמיץ אַנדערש ערגעץ וואו,
נאָר ער, אפילו ער, דער האַליץ־העקער, וואָס אויפ׳ן הויף,
זאָל אויפהויבען זיין גאַנצע האַנט מיט אַלע פינגער; —
צי וואָלטען זיי נאָך אַלץ געוואָלט מיר זאָלען — — — —

חאַפּט זיך אָפּ און זיצט אַ דערשראָקענער פאַר עפּעס.

**ר׳ באסעווי**

וואָס איז אייך, רבי? איר זענט בלייך געוואָרען.

מהר״ל

אַ טומעל, דוכט זיך, ר׳ באַסעווי, הערט איר ניט?

ר׳ באסעווי

א טומעל? ניין, איך הער ניט, רבי.

מהר״ל

עס האָט זיך מיר א פּנים אויסגעוויזען נאָר.

קוקט דורכ׳ן פענסטער.

יע, אויסגעוויזען נאָר, דער הויף ווערט ליידיג שוין.

ר׳ באסעווי

וואָס זאָל איך איצטער זאָגען, רבי, ווען איך זעה
דעם פּחד אויף אויף אייך אנ׳אויפגעלויכטענעם?

מהר״ל

וואָס זאָלט איר זאָגען? גאָרנישט, ר׳ באסעווי; שווייגען.
פאַרהאַן א צייט פאַר שווייגען... ווייסט איר, ר׳ באסעווי, —
די אלע אידען וואָס אין שול זיי וועלען אָפּדאַווענען
און וועלען זיך צוגעהן אהיים, און שטיל, ווי אלע מאָל,
זיך לייגען שלאָפען; אפשר וועלען זיי,
אזוי ווי איר קיין אויג ניט קענען צושליסען,
נאָר דאָך וועט קיינער ניט פון זיי זיך אויפהויבען פון בעט
און נאָכגעבען דעם שרעק...

ר׳ באסעווי

דאָס מיינט איר מיר צו מאַכען פאָרוואורף, רבי?

מהר״ל

ניט פאָרוואורף, ר׳ באסעווי, ניין, פאַרשטעהט מיך.

ר׳ באסעווי

איך האָב געוואָלט פון אייך א טרייסט־וואָרט הערען.

מהר״ל

דאָס וואָרט פון טרייסט איז דאָ, איז דאָ,
ווייל אלע שרעקען זענען נאָר אומזיסטע, ר׳ באסעווי.

ר׳ באסעווי

אומזיסטע?

מהר״ל

שרעקען אָהן אחריות זענען זיי.

ר' באסעווי

איך וויל אייך גוט פארנעמען, רבי. מאכט מיר קלאר.
איר זאָגט: פארהאַן אַ צייט פאַר שווייגען,
און דאָך איך פיל, אז אייער פחד שווייגט ניט,
אַז אייער... זייט מיר מוחל פאַר די ווערטער, רבי.

מהר"ל

א, יע, איך בין אייך מוחל, ר' באסעווי;
און נעמט זיך גוט אריין אין זינען: ליגט ניט מער
די גאַנצע נאַכט אָהן שלאָף ביז טאָג;
אַ איד טאָר קיינמאָל ניט פון זיך דעם שלאָף פאַרטרייבען...
מיר זענען ביידע אַלטע לייט שוין, ר' באסעווי,
מען טאָר אָבער ניט ווערען צו אַלט פון צו קענען
אויף זיך אַליין צו איבערטראָגען אַלע וואונדער;
פאַרנעמט איר וואָס איך זאָג אייך: אַלע וואונדער.

ר' באסעווי

פון אייער מויל צו הערען, רבי; אפשר וועל איך אויך
נאָך זוכה זיין מיט אייך צוזאַמען צו דערלעבען...

עס הערט זיך אַ טומעל הינטערן טיר. מהר"ל עפענט און קוקט ארויין.

מהר"ל

ווער איז דאָרט? תנחום? לאָז אים טאָכטער.
ער מעג אריינגעהן.

ר' באסעווי

תנחום? ניט צו איבערטראָגען!

מהר"ל

עס מאַכט ניט, ר' באסעווי.

תנחום קומט אַריין צושויבערט, אָפגעריסען. אויף איין לאַץ פון זיין קאַפּאָטע אַ לאַנגער קריעה-ריס.

תנחום

געהערט אַ העזה! תנחום וויל צום רביין —
פארשטעלט מען אים דעם וועג.

מהר"ל

זיצט, ר' תנחום.

תנחום

ניטאָ קיין צייט צו זיצען, רבי.

איך אייל, איך אייל,

עס וואַרט אויף מיר מיין פייערדיגער רייטוואָגען.

ר' באַסעווי

און וויפיל איז דער שיעור צו רייסען קריעה?

תנחום

א שיעור? ניטאָ קיין שיעור.

ווייל אַלע לאַצען וואַרטען דאָך אויף מיר

איך זאָל זיך צורירען צו זיי,

פאַרנאַנדעררייסען...

וועו ניט דער גרויסער יום טוב פסח,

וואָלט נאָך ביז היינט געלעבט מיין יוחנן,

צי זאָלען מיר דערפאַר זיך אָפּזאָגען פון פסח?

איר שווייגט? איר ווילט זיך אָפּזאָגען פון פסח?

איך שיק אויף אייך מיין פייערדיגען רייטוואָגען.

ר' באַסעווי

איך האָב דאָס שוין געהערט, ר' תנחום.

תנחום

געהערט?

אויב טויזענט מאָל געהערט,

האָסטו נאָך ניט געהערט;

טויבע — ווי קאַנט איר הערען?

בלינדע — ווי קאַנט איר זעהן?

זעהט איר מיין פנים אין דער מיטען נאַכט?

הערט איר מיין קול?

די אָרימס צושפּרייט איך,

די אויגען פאַרוואַרף איך,

די האַלז אין דער ווייט ציה איך אויס...

אריבער'ן דאך פונ'ם טורעם,
דורך אלע צעלעכערטע פענסטער
יאג איך אריין און ארויס...
פינף איז די צאל פון די טורמעס, —
פינף,
איינער פאר מזרח, און איינער פאר מערב;
איינער פאר צפון און איינער פאר דרום,
דער פינפטער — פאר מיר.
ווער טראגט דעם צער פון די טורעמס? —
איך!
איך בין דער האר פון די חורבות...

מהר"ל

רוהט אפ, ר' תנחום, זעצט זיך.

תנחום

זעצט זיך. אטעמט א מידער.

מהר"ל

ניטא שוין קיינער אויפ'ן הויף, ר' תנחום?

תנחום

ניטא, ניטא. צוגאנגען אלע.
אין שול אריין צו מנחה.
און תנחומ'ען געלאזט אליין מיט אים, דעם גזלן;
נאר תנחום האט ניט מורא פאר א גזלן.
איך בין דאס אייך געקומען זאגען,
אז תנחום האט ניט מורא פאר קיין האס...

ר' באסעווי

איר הערט, רבי?

מהר"ל

צו וואס אזוינע רייד, ר' תנחום?

תנחום

צו וואס אזוינע רייד?
אז דו זאלסט דאס גאר פרעגען, רבי.

פינסטערניש גייט אויף אונז, פינסטערניש,
פון אַלע זייטן,
און קיינער קען ניט אָפּשטעלן מיין פייערדיגע רייטוואַגן,
אפילו דו.
ווייל קיינער וועט ניט האָבן צוזאַ העזה,
ווייל קיינער איז אין אים נאָך ניט געזעסן,
און ניט געברענט זיך אין זיין פייער,
און ניט גערדרעהט זיך אונטער זיינע רעדער,
און ניט געשווינדעלט אין זיין אָטעם...
זאָלען הענט זיך שטרעקען מער צו מיר,
זאָלען העק זיך הויבן,
העלזער שרייען; —
פאַר'חלש'ט ווערען הענט,
פאַרראָסטעט ווערען העק,
און העלזער ווערען שטום,
און אויב ניט שטום איז — אויפגעשניטען...

שפּרינגט צו צום מהר"ל.

און ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?
דער רבי, צי טאַדעאוש, הא?

מהר"ל

טאַדעאוש?

תנחום

דו ווייסט ניט ווער טאַדעאוש איז?
דער רבי האָט באַדאַרפט עס וויסען.
און אַז טאַדעאוש איז געווען אין פינפער טורעם,
ווייס דער רבי?

מהר"ל

איך ווייס, ר' תנחום.

תנחום

דער רבי ווייס?

שפּאַרט זיך אָן מיט'ן קאָפּ אָן טיש.

ר׳ באסעווי

איז אמת טאקע, רבי?

מהר״ל

ער וויל די אָרימע לייט ארויסטרייבען פון דאָרט.

תנחום

נאָר ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?
צי אפשר גאָר דער האַליץ-העקער?

*שפּרינגט ווידער אויף.*

ארויסטרייבען? וואָס וואַרט ער נאָך?
חורבות האָב איך מער נאָך פיל איך דאַרף,
חורבות פון דער גאַנצער וועלט
וואַרטען לאַנג אויף מיר,
קוקען אוים די לעבערדיגע אויגען,
אָטעמען צו מיר,
רופען איך זאָל קומען און געוועלטיגען.
זאָל איך קומען נאָר —
ווערט אַ פרייד אין זיי,
אַ געזאַנג
און אַ טאַנץ...
זאָל איך אָפּקערען מיין פּנים און ניט הערען
דעם געבעט?
ווער וועט אים דערהערען, אויב ניט איך?
איך —
ווייל מיין הארץ איז פול מיט רחמים צו דער וועלט...

*ער הערט אויף צו שליידערען מיט די הענט. ווערט ווי איינגעגליווערט.*

די גרויסע אויגען פון דער וועלט
זיי זענען פול מיט בענקשאפט, —
ווער דערזעהט די גרויסע אויגען פון דער וועלט? —
איך.
ווער קען איינשטילען די בענקשאפט פון דער וועלט? —

**איך.**
**ווייל מיין הארץ איז פול מיט רחמים צו דער וועלט...**

**אין מיין פייערדיגען רייטוואגען טראג איך זיך**
**רונד ארום, רונד ארום די טורעמס,**
**יעדע מיטען נאכט.**
**אין דעם פייערדיגען רייטוואגען**
**ליגט מיין זון —**
**מיין פסח׳דיגער זון...**
**זיין לינקע אויג איז דורכגעשטאכען מיט א שפיז,**
**די רעכטע — צוגעמאכט;**
**זיין רעכטע האנט איז אפגעשניטען ביז׳ן אקסעל,**
**די לינקע — ביז׳ן אוילענבויגען.**
**יעדע ערשטע נאכט פון פסח זאג איך צו מיין זון:**
**— שטעה אויף, ווער לעבעדיג,**
**באקום צוריק די אויגען און די הענט,**
**ווייל דורשטיג איז די תאוה פון דער וועלט**
**און הונגעריג איהר בענקשאפט...**
**שטעהט ער אויף,**
**און ערווארט.**
**ביז — מיר הערען טריט:**
**ז י י . . .**
**שטעכען זיי אים ווידער דורך זיין לינקע אויג,**
**שניידען ווידער אפ זיין רעכטע האנט ביז׳ן אוילענבויגען,**
**די לינקע — ביז׳ן אקסעל...**
**לייג איך אים צוריק אריין אין רייטוואגען,**
**און איך זאג:**
**— ביז דעם קומענדיגען יאר...**
**ווייל מיין הארץ איז פול מיט רחמים צו דער וועלט...**

תנחום לויפט האסטיג ארוים. מהר״ל און ר׳ באסעווי זיצען פארגאפטע. שווייגען לאנג.

ר׳ באסעווי

אזוינע רייד, אזוינע רייד.

מהר״ל

נעמט ארומגעהן הין און צוריק איבער׳ן חדר. שטעלט זיך ביים פענסטער און קוקט ארויס.

ר׳ באסעווי

הויבט זיך אויף.

דער עולם, הער איך, געהט שוין מנחה דאווענען.

א גוטען, רבי.

מהר״ל

א גוטען יאר, א גוטען יאר. איך קום אויך באלד.

געהט ארום הין און צוריק. שטעלט זיך ווידער ביים פענסטער. שטעקט אריין דעם קאפ און קוקט געשפאנט. עס דערהערען זיך פון הויף אונרוהיגע קולות פון אידען און ווייבער. מען לויפט פארביי דעם רב׳ס פענסטער און מען שרייט: „וואו איז דער רבי? זאל דער רבי ארויסגעהן!״ קולות פון ווייבער: „וועה איז אונז, אן־אונגליק אויף אונז!״ מהר״ל לאזט זיך צום טיר. עס לויפט אריין די רביצין, פירט דבורה׳לען פאר׳ן האנט. ביידע טויט דערשראקענע. דבורה׳ל וויינט.

מהר״ל

וואס איז געשעהן?

רביצין

דער נייער מענש, דער האלץ־העקער, וועה איז מיר.

מהר״ל

וואס האט ער געטאן?

רביצין

א ניי אונגליק אויף אונז, אריה לוי, איך זאג דיר.

אויף טויט דאס קינד דערשראקען. וועה איז מיר:

זי געהט ארויס אנ׳עמער וואסער אנשעפען,

איז לויפט ער צו און לאזט זי ניט צום ברונען צוגעהן.

דבורה׳ל

ווײנענדיק.

ער זאָגט, אַז ע ר דאַרף טראָגן וואַסער.

מהר״ל

נאָר וואָס האָט ער געטאָן?

רביצין

אַ חרפה פאַר׳ן מויל אַרויסצוברײנגען, אריה לוי.

בפרהסיא זי אַ כאַפּ געטאָן צו זיך, געקושט זי.

ווען ניט דער עולם, וואָלט ער זי דערשטיקט נאָך, חס ושלום.

מהר״ל

וואָס טוט ער איצט?

רביצין

וואָס זאָל ער טאָן? אַ גולם, ניט קײן מענטש.

ער שטעהט, ווי אַ פאַרשטײנערטער, און רירט זיך ניט.

דבורה׳ל

פאַרטרײב אים, זאָל ער געהן פון דאַנען —

מהר״ל און בײדע פרויען געהן אַרויס. פון הויף הערט זיך אַ גערודער. ווערט שטילער. מהר״ל קומט אַרײן און נאָך אים דער גולם מיט דער האַק אין האַנט. ער שטעהט אין מיטן חדר מיט אַרונטערגעלאָזטע הענט אין אַ מאָדנער פאַר־גליווערונג. מהר״ל באַטראַכט אים אַ לענגערע צייט, נעמט אַרויס די האַק פון זײנע הענט. דער גולם באַוועגט זיך ניט. עס באַקומט זיך אַן אײנדרוק, אַזוי ווי ער וואָלט שלאָפן, שטעהענדיק מיט אָפענע אויגען.

מהר״ל

דו שטעהסט פאַרשטײנערט און דו זעהסט ניט,

ווי איך דערנענטער זיך צו דיר.

גולם

שטעהט פאַרגליווערט.

מהר"ל
הויב אויף דעם קאָפּ און אויך די אויגען,
איך וויל אַריינקוקען אין זיי.
נאָך טראָגען זיך אַרום די קולות,
וואָס דו האָסט אויפגעוועקט, דער שרעק
נאָך שטעהט אַהינטער דיינע אַקסלען
און קוקט אַריבער גרייט צום אָנפאַל.
מיט טויזענד אויגען, מיילער, ציינגער
ער דרעהט זיך נאָך אַרום דיין קאָפּ...

גולם
שטעהט אונבאַוועגליך.

מהר"ל
און איך האָב וואונדער אויסגעבעטען
ביי גאָט פאַר דיר, דורך פּיין און טרערען;
זאָלסט קענען זעהן, וואו קיינער זעהט ניט,
און הערען אַלץ, וואָס קיינער הערט ניט;
ניין איילען אין דער טיפעניש
דערשפּירען זאָלסטו מיט דיין טראָט,
אין פייער זאָל דיין גוף ניט ברענען,
אין טיפען וואַסער — זיך ניט טרינקען,
די ריחות פון די ווייטסטע ווינטען
דערשמעקען זאָלסטו מיט דיין נאָז;
און ווען מען דאַרף — דיין גוף זאָל ווערען
ווי שטראַלען דורכזיכטיג, ווי לופט,
און אין אַ צווייטען זיך פאַרוואַנדלען —
זאָלסט זיין אַ רואה ואינו נראה...
איך טראָג דערהויבונג פאַר דיין לעבען,
פאַר דיינע הענט — געבענשטע גבורה;
און דו — דו שטעהסט ווי האָלץ פאַרגליווערט,
די אויגען — טעמפּ, דער מויל — צוקרימט;
אויף דיינע ברייטע מויער־אַקסלען

נאָך ליגט דער טויטער צער פון ליים;
אויף דיינע הענט נאָך שלענגלען זיך
פארלעגערטע, פארשטויבטע ווערים,
און פון דיין אָטעם שפּאַרט פאר מיילען
דער ריח פון צופוילטען שטיין...
ביסט לעבעדיג, ביסט אַלט איין טאָג,
און שוין דאָס מענשליכע אין דיר
געאיילט האָט זיך ארויסצו־ווייזען
מיט שנאה און מיט תאוה און מיט אונגליק;
נאָר האָב איך דיך געבראַכט צו מיר
צו זיין ווי אַלע מענשען גלייך? —
זאָל זיין, עס איז אויף דיר געפאַלען
די גאַנצע פינסטערניש און שרעק
פון אונזער אַלעמענס פארצווייפלונג —
נאָר וואו איז אָבער דער געזאַנג,
אויף דיין געזיכט דער גרויסער שיין
פון אונזער אַלעמענס בטחון?
וואָס שטומסטו? ענטפער, זעהסטו ניט,
אַט הויב איך אויף אויף דיר מיין שטעקען!

גולם קומט צו זיך. שטרעקט אוים די הענט מיט פרייד צום מהר"ל.

**גולם**

וואו בין איך? רבי, הא, וואו בין איך?
וואו זענען אַלע ניט געוואָרען?
אַזוי געשריען האָבען זיי,
געוויינט, געדרעהט זיך ארום מיר,
און איך האָב ניט געוואוסט פארוואָס —
און מיט אַמאָל איז שטיל געוואָרען,
פארקלעפּט זיך האָבען מיינע אויגען, —
איך בין געשלאָפען, רבי.

מהר״ל

ביסט געשלאָפֿן?

גולם

איך ווייס ניט, רבי, אונטער מיר
די ערד האָט זיך גענומען וויגען.
אַ האַנט האָט מיך געטאָן אַ ציה,
געטאָן אַ שלײַדער אין דער הויך
און נאָכדעם טיף אַראָפּגעוואָרפֿן.
איך בין געפֿאַלן. נאָר די ערד
אַ בראָך האָט זיך געגעבן פּלוצלינג,
צושפּאָלטען זיך אויף צוויי חלקים.
בין איך געפֿלויגען אין דעם אָפּגרונד
און ניט געהאַט וואו צו פֿאַלן...
און ווי איך פֿליה אַזוי, איך זעה,
ערשט דו — דו זיצסט אויף מיר און שטויסט מיך
אַלץ טיפֿער, טיפֿער אינ׳ם אָפּגרונד.

מהר״ל

רייד אויס אינגאַנצען.

גולם

דײַן פּנים איז געווען געדאָפּעלט:
אַ האַלבער — גרויס אַזוי ווי מײַנער,
אַ האַלבער — קלענער נאָך פֿון דײַנעם;
און אויגען — פֿיער, און אַלע טויטע;
אין איינעם נאָר אַ רויטע פֿינטעל,
וואָס האָט געטריפֿט מיט הייסען בלוט...
און מיט אַמאָל איך זעה: דײַן קאָפּ
האָט אָנגעהויבען זיך צו רייסען,
און מײַנעם זיך גענומען קלאַפּען,
און מיט דעם אויג, וואָס טריפֿט מיט בלוט,
אַרײַנגעבראָכט זיך אין מײַן שטערען,
און ביסלעכווייז צו מיר אין מח

אריינגעזונקען ביז׳ן האלז..
און ווי דו זינקסט אין מיר — איך זעה:
דיין האלז איז לאנג און ווייס און בויגיג;
איך האב דיך אנגעכאפט ביים האלז
און שטארק גענומען ווערגען, ווערגען...

מהר״ל

רייד אוים אינגאנצען דיין רציחה.

גולם

איך ווייס ניט מער. כ׳האב ניט געזעהן מער
ניט דיין געזיכט, ניט דיינע אויגען;
דאס האט גאר מ י י ן האלז ווער געווארגען,
און מיר האט זיך געדוכט אז דיינע.. —
א, זיי מיט מיר, פארלאז מיך ניט.

ער ציהט זיך אוים אויף דער ערד, פאלט צו צום מהר״ל׳ס פים.

א ,זיי מיט מיר. אז ניט — פארטרייב מיך.

מהר״ל

שטעה אויף. איך זעה דיין טרויער.
איך בין דיר מוחל.

גולם

פארלאז מיך ניט.

מהר״ל

שטעה אויף.

גולם

א, נאך א ביסעל, רבי.
לאז ליגען מיר ביי דיינע פים.

מהר״ל

שטעה אויף.

גולם

א, נאך א רגע, רבי.

עס ווערט מיר גוט. עס ווערט מיר לייכטער.
עס ווערט מיר ליכטיג.

מהר״ל

מיט פרייד.
ליכטיג?
וואָס זעהסטו?

גולם

דיך.

מהר״ל

און איצט?

גולם

דו ווירסט מיך אָן מיט דיינע הענט.

מהר״ל

איך בענש דיך. איצט וואָס זעהסטו?

גולם

פייער! פייער!
א גאַנצער פלאַקער דרעהט זיך, קנוילט זיך,
ער וויל מיך אָנצינדען און קען ניט.

מהר״ל

און איצט?

גולם

א וואַסער שטראָמט און ווירבעלט.
איך זינק און ווער דאָך ניט דערטרונקען;
און שטיינער האָגלען אויף מיין קאָפּ
און שפּרינגען אָפּ צוריק...

מהר״ל

וואָס נאָך?

גולם

און הינט פאַרסמ׳טע רייסען מיך, —
מיין לייב ווערט ניט צוריסען...

מהר"ל

וואָס הערסטו?

גולם

טיף פון אונטער דר'ערד
פארשטיקטע קולות הער איך,
געשפּרעך פון שטיינער און פון וואָרצלען,
און טריט פון איילענדיגע פיס...
איך הער אַ ווינט, ער יאָגט זיך אום,
ער רופט מיך אָן ביים נאָמען,
און איך דערשרעק זיך ניט פאר אים...
און, רבי, זעה, אָט קוקט אויף מיר
אַ פּנים דורך און דורך פון ליכט,
אַ גוף אַ ריזיגער ווי איך;
ער טראָגט זיך, פלאַטערט איבער מיר
און וויגט זיך ווי אויף פליגלען צוויי,
ער וואקסט ארויס פון מיינע אקסלען
און שפּרייט זיך אויס פון מיינע אָרימס...

מהר"ל

שטעה אויף.

גולם שטעלט זיך אויף.

און איצט וואָס זעהסטו?

גולם

איך זעה אַ מענש געקליידט אין שווארצען,
ער געהט אהער מיט שטילע טריט,
מיט טריט, וואָס לויערען נאָך רויב...

מהר"ל

צועפען נאָך אמאָל די אויגען
און נאָכאמאָל דערזעה דאָס ליכט,
די פליגלען פון דעם  א י נ ו  נ ר א ה ,
וואָס שפּרייטען זיך ארויס פון דיר...

צום פינפער טורעם לאז זיך געהן
און דארטען זיי, און דארטען שלאף...

גולם לויפט האסטיג מיט איין שפרונג ארויס פון חדר. מהר"ל, אליין אַנ'איבערראשטער, פאלט צו מיט'ן פנים צום וואנט. זיינע אקסלען צוקען.

---

אין פינפער־שלאָס. אַ גרויסער חרוב'ער צימער. פון צוויי זייטען אַריינגאַנגען אין אַנדערע חדרים. איין וואַנט אַ דורכגעלעכערטע, די איבעריגע — פאַרשוואַרצטע, פאַרצויגענע מיט שפינוועבס, דורכגענעצטע פון רעגענס. קיין טירען. שוועלען — וואַקלענדיגע. די שויבען — אויסגעבראָכען. וואו ניט וואו שטעקען נאָך איבערגעבליבענע שויבען פון פאַרשידענע קאָלירען. אין אייניגע פלעצער זעהען זיך סמנים פון געוועזענע מאַלערייען. זיי זענען אַלע פאַרשמירט, באַדעקט מיט נאַכלעסיגע קריצען און פלעקען. אין איין ווינקעל זעהט מען נאָך קיישלען פון יעזוס־לאַמפּאַדעס.

אינ'ם חדר האַלטען זיך אויף אָרימע־לייט בעטלער. אויפ'ן דיל, וואו זיי שלאָפען, ליגען אַנגעוואָרפען אַלטע שמאַטעס, פעקלאַך, אַ פּאָר קישענס. אויף די ווענט הענגען טאָרבעס.

אָנהויב נאַכט. דורך די לעכערדיגע פענסטער וועהט אַ קאַלטער פרילינג־ווינט. פינסטער.

אַ קראַנקער אָרימאַן ליגט אין אַ ווינקעל אויף שמאַטעס צונויפגעדרעהט און פיבערט. די איבעריגע זענען נאָך ניט אָנגעקומען.

קראַנקער

די ביינער מיינע ברעכען, אַלע ביינער.
געה אוים — וועט קיינער גאָר ניט וויסען.
קאַלט איז מיר.
זעצט זיך אויף.
ניטאָ נאָך קיינער.

אַ ביסעל וואַרים וואַסער זאָל ווער ברענגען.
אַ גאַנצען טאָג אין מויל נאָך ניט געהאַט...
אוי, די ביינער מיינע, אוי, די ביינער.

לייגט זיך צוריק.

וואָס זאַמען זיי זיך אַלע? ווייניג נאָך
דער טאָג פאַר זיי; די גאַנצע וועלט
אַריינגעשלונגען וואָלטען זיי. און וואָס און ווען?
אָט הענגט מיין טאָרבע פול געפּאַקט
מיט ברויט, מיט חלה... אוי, די ביינער מיינע...

זעצט זיך ווידער אויף.

אַ פינסטערניש אַזאַ. ניטאָ קיין כח
צו שטעלען זיך און אָנצינדען דאָס לעמפּעל,
מיט עפּעס וואָס די שויבען צו פאַרשטעקען...

שטעלט זיך אויף, שאַרט אין דער פינסטערניש. פאַלט אַנידער צוריק.

אָ, נאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב...

וואַרפט אויף זיך די שמאַטעס וואָס ליגען לעבן אים, טוליעט זיך אין זיי און פיבערט. שטיל. עס קומט אַריין דער גולם. בלייבט שטעהן אין מיטען חדר. ווייס ניט וואו צו קערען זיך. שווייגט.

קראַנקער

הויבט אויף דעם קאָפּ.

שוין דאַנקען גאָט געקומען ווער? נעקומען?

גולם

שווייגט.

קראַנקער

ניטאָ קיין צונג צו ענטפערען אַ חולה?
וואָס שווייגט איר, הא? ווער זענט איר?

גולם

שווייגט.

קראַנקער

מיט וואַקסנדיקן שרעק.

ווער זענט איר? זעהט איר ניט,
מיך וואַרפט אין קעלט. —

שפּרינגט אויף מיט אימפּעט און קוקט אויפ'ן אַרייַנגעקומענעם. מאַכט גוואַלדען.

פּייער! פּייער!

ווער זענט איר? ענטפערט... וואַרט אַ רגע,
כ'וועל אָנצינדען דאָס לעמפּעל.

צינדט אָן אַ רויבערדיגען לעמפּעל. זיין שרעק ווערט נאָך גרעסער.

וואָס דאַרפט איר דאָ? וואָס רעדט איר ניט?
אַנ'אָרימאַן?

גולם

שווייגט. זעצט זיך אַוועק אויף דער ערד.

קראַנקער

איר ווילט דאָ שלאָפען?

גולם

ניט רייד צו מיר.

קראַנקער

פון וואַנען קומט איר? אָהן אַ טאַרבע גאָר.
דאָס ערשטע מאָל אין פּראַג?

גולם

ניט רייד צו מיר.

קראַנקער

וואַרפט זיך צוריק אויף זיין געלעגער, קוקט מיט שרעקפולע אויגען אויפ'ן גולם. דער גולם שטעלט זיך אויף, געהט אַריין אין צווייטען חדר, זעצט זיך ביי אַ וואַנט אַנקעגען מיר צו, קוים וואָס מען זעהט אים אַרויס פון דער טונקעלקייט.
עס קומען אַריין דער רויטער און דער בלינדער.

רויטער

פארשטעהסט?

בלינדער

צי האסטו גוט געזעהן?

רויטער

א כומר קען מען גלייך דערקענען.

בלינדער

זאל אמת זיין?

רויטער

אז אלע ריידען מוז זיין אמת.

בלינדער

אהינטער אונז איז ער געגאנגען?

רויטער

א צוואנציג טריט פון אונז, ניט מער,
געבויגען, שטיל, אין האנט דער שטעקען.
און פלוצלינג אפגעקערט זיך אן א זייט...

בלינדער

אז גאט האט מיך געשטראפט איך זאל ניט זעהן
די טריט פון דעם, וואס יאגט אונז נאך.

רויטער

געשטראפט? און אפשר גאר געבענשט.
איך בין דאך ניט קיין ציטעריגער, דוכט זיך,
און עפעס האט מיר אפגעהאקט דעם אטעם.

בלינדער

די פוס פון ניט קיין בעטלער האט נאך קיינמאל ניט
געטראטען אויפ׳ן וועג אהער צום פינפער־שלאס.

רויטער

א נו, דו פרוב נאר רופען ווען געהן אהער,
וועט יעדער א פאר אויגען נאר דיר אויסשטעלען.
פאר חורבות האבען אלע מורא, אלע.

בלינדער

און מיר, מיר האָבען דען קיין מורא ניט?
ניט מער, מיר קומען איבערשלאָפען נאָר,
פארשטעלט אונז שוין דער שלאָף און היט אונז.

רויטער

און פלוצלינג, אז דו זעהסט אויף אונזער וועג
א פרעמדענס טריט אהינטער דיר, —
פארשטעהסט, וואס קענען וועלען פרעמדע טריט?...

בלינדער

וואס קענען וועלען? גאָט דער לעבעדינער ווייס,
נאָר ער איז אונזער פאָטער.

פלוצלינג.

מיר זענען דאָ אליין?

רויטער

דער חולה ליגט דאָ. שלאָפט.

בלינדער

און חוץ דעם חולה?

רויטער

איך זאָג דאָך דיר: דער חולה נאָר.

בלינדער

צי דוכט זיך מיר? גו, קוק זיך גוט ארום.

רויטער

וואס מיינסטו?

בלינדער

טאפט מיט די הענט, שלאָגט זיך אָפּ אָן דעם קראַנקען.
קראַנקער כאפט זיך אויף.

קראַנקער

א ביסעל וואסער. ברייגגט א ביסעל וואסער.

רויטער

ניטאָ קיין וואסער דאָ.

קראַנקער

אין צווייטען חדר דאָ דערביי, — אָ, ניין,

ניט נעהט אהין, דאָרט זיצט אַ פּרעמדער איינער.

רויטער

אַ פּרעמדער?

בלינדער

הערסטו שוין? איך זאָג אַז —

טאַפּט אָן די שוועלען פון צווייטען חדר.

אַ פּרעמדער? ווער איז דאָ דער פּרעמדער, הא?

רויטער

קוקט אַריין און שפּרינגט אָפּ.

ער, ער, דער האַלץ־העקער. אָט דער — —

בלינדער

אָט דער וואָס האָט אזוי נאָך דבורה'לען — — —

נאָר דאָ? ווי קומט ער דאָ?

רויטער

אַ לץ אזא.

בלינדער

ניט שריי, רייד שטילער.

דער רב האָט דאָך פאַרזאָגט ניט רייצען זיך.

רויטער

איך רייץ זיך, וואָס? איך זאָג אזוי.

נאָר ווער האָט אים געבראַכט אהער?

קראַנקער

אַליין איז ער אַריינגעקומען,

אויף מיר אַ טויט־שרעק אָנגעוואָרפען.

רויטער

אזא קען אמת אָנוואַרפען אַ טויט־שרעק.

בלינדער

זיי שטיל. ניט זיי קיין חכם.

גולם

**ווייזט זיך אין טיר.**

איך הער מיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרען דאָ.

רויטער

דיין נאָמען? ניין... איך האָב געזאָגט —
איך האָב געמיינט —

גולם

**דערמאָן ניט מער.**

**געהט אריין צוריק**

רויטער

פארשטעהסט? מעגסט דאנקען גאָט.
וואָס דו ביסט בלינד און זעהסט אים ניט.

בלינדער

דער רב אליין איז אים מקרב.

רויטער

ס'איז עפּעס דאָ ניט גלאַט. דו הער מיין ווארט.

קראַנקער

פארשטעקט די פענסטער.

רויטער

די לעכער, זאָג.

קראַנקער

**פארשטעקט. מיך ווארפט אין קעלט.**

רויטער

די שמאַטעס אונזערע — געצעהלטע,
די לעכער — אָהן אַ צאָל, מיט וואָס פארשטעקען?

קראַנקער

אָ, גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב...

בלינדער

**זעצט זיך אויף דער ערד, נעמט אַרויס פון בוזים אָנגעקליבענע מטבעות, וויקעלט אין אַ קניפּעל.**

רויטער

נעמט אַרונטער פון וואַנט אַ טאָרבע, שיט אַרויס פון איר ברעק־לאַך, טרייסעלט. צום בלינדען.

אַ סך געמאַכט? אַ סך? און איך — קיין פרוטה.

בלינדער

פאַרוויקעלט דעם קניפּעל, באַהאַלט צוריק אין בוזים.

אַ סך. פון וואַנען ווייס איך צי אַ סך?
דו פרעג די בלינדע אויגען מיינע.
דאָס מאַכען זיי נדבות. זיי — ניט איך.
אַז טאָג און נאַכט פאַר מיר איז איינס,
זאָל זיין אַ קניפּעל כאָטש אין בוזים...
נו, יע, דו פרעג די בלינדע אויגען מיינע.

רויטער

דאָס גאַנצע ברויט שוין אויסגעגאַנגען.
נאָר פרישע חלות מאָרגען, פרייטאג מאָרגען.

פּאַקט אַריין שמאַטעס אין זיין טאָרבע, פאַרבינדט.

זאָל זיין די טאָרבע גרייט. פאַרפּאַקט...

בלינדער

וואָס רעדסטו דאָרט? איך הער ניט.

רויטער

איך רייד, — וואָס האָב איך דען צו ריידען?
זאָל זיין די טאָרבע אויפגעפּאַקט...

בלינדער

וואָס זאָגסטו ניט צו דעם, —
פאַרגעסען מעריב דאַווענען.

שטעלט זיך צום וואַנט.

והוא רחום יכפּר עון...

דאַווענט שטיל. עס קומען אַריין דער ה אָ ר ב אַ ט ע ר, די ה י ל צ ע ר נ ע פ ו ס, דער ה ו י כ ע ר און דער נ י ד ע ר י ג ע ר. אַלע מיט אָנגעפילטע טאָרבעס. דער רויטער געהט זיי אַנקעגען.

רויטער

אַנ׳אורח האָבען מיר, אַנ׳אורח.

אַט דער וואָס אויפ׳ן שול־הויף — — — —

אַלע

וואָס׳ער אורח?

רויטער

פון וואנען קומט איר? ניט געהערט נאָר?

דער האַלץ־העקער פון שול־הויף.

הויכער

איז טאַקע אמת? — דאָ איז ער?

עס קאָכט דאָך פראַג מיט אים.

רויטער

אָן זיצט ער. זיך פארשלאָגען אין דער פינסטער

און גלאָצט דאָרט מיט די אויגען.

אַלע קוקען אריין.

נידעריגער

אזא גדול!

רויטער

ניט שריי. ער קען דערהערען נאָך. אַ מורא.

הילצערנע פוס

ער שלאָגט זיך, וואָס?

רויטער

געגנוב — ער טוט אַ קוש,

פאַלט איין דאָס האַרץ, נאָך שלאָגען דאַרף ער זיך.

הויכער

ווי רופט מען אים?

רויטער

זעהר שטיל.

מען זאָגט, אז יאָסעל.

דער גולם שפּאַנט אריין. אַלע רוקען זיך אָן דער זייט.

גולם

מיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרען דאָ.
דערמאָן ניט מער.

געהט אַריין צוריק.

רויטער

דאָס צווייטע מאָל שוין היינט,
און אַלץ מיט מיר. געהערט אַזא שגעון?
כ׳האָב דוכט זיך שטיל געזאָגט.

נידעריגער

וואָס איז, מען טאָר אים ניט דערמאָנען גאָר?

אַלע קוקען זיך אָן פאַרחדוש׳ט.

הויכער

אוואו א צרה — גלייך צו אונז אין חורבת.

רויטער

דער רב אַליין האָט אים אהער געשיקט.

אַלע

דער רב אַליין?

צוזעצען זיך און בינדען פאַנאַנדער זייערע טאָרבעס.

רויטער

באַגעגענט האָט איר קיינעם ניט?
דער כומר — — —

אַלע

ווער? טאַדעאוש?

בלינדער

דאַוונענדיג מאַכט מיט׳ן האַנט מען זאָל ניט ריידען.

נו, נו... ששש...

אַלע שווייגען שטיל. לייגען אַרויס דאָס אָנגעבעטעלטע.

רויטער

און איך האָב שוין מיין טאָרבע איינגעפּאַקט,
און איר צולייגט זיך ערשט...
אומזיסטע טרחה גאָר, אומזיסט די טרחה.

הויכער

וואָס רעדט ער דאָרט?

רויטער

מען זאָגט דאָך אייך. צי האָט איר ניט געהערט? —
מען וויל דאָך אונז ארויסטרייבן פון דאַנען.

בלינדער

*שש, אָ, שש...*

הויכער

ארויסטרייבען? פון דאַנען? פון דער חורבה?
און פראַג דורכאויס איז אונז מקנא.
אוואו מען קומט ניט פרעגט מען היינט:
איז פלאַץ פאַרהאַן אין פינפער־שלאָס פאַר נאָך?...
פאַרשטעהט איר שוין? — דער גאַנצער פינפער־שלאָס
וועט ווערען אָנגעפּאַקט מיט אידען,
ארויסגעטריבענע פון אַלע הייזער...
פאַרשטעהט איר שוין? — פון הייזער קען מען טרייבען,
מען קען דאָך אָבער ניט פון חורבות טרייבען...
פאַרשטעהט איר שוין, פאַרוואָס דער פינפער־שלאָס
וועט ווערען אָנגעפּאַקט מיט אידען?...

בלינדער

*אַך, נו, ששש....*

האָרבאַטער

און אז מען וועט פון דאַנען אויך
אונז קומען טרייבען, חס ושלום?...

הויכער

מיר וועלען עפענען די טאָרבעס אונזערע:
— נעמט צו אינגאַנצען, נעמט...
און אז זיי וועלען צונעמען אינגאַנצען, —
נו, יע, זיי וועלען צונעמען אינגאַנצען:
די חלות און די שטיקער ברויט,

די בגדים און — וואָס נאָך? וואָס נאָך?...
נו, יע, זיי וועלען צונעמען אינגאַנצנען...

בלינדער

*ענדיגט דאַוונען, שטעהט ביים וואַנט.*

פאַרהאַן אַ גאָט אין הימעל, אידען.

קראַנקער

*זעצט זיך אויף.*

פאַרהאַן, פאַרהאַן אַ גאָט אין הימעל, קוקט ער צו.
ווי בעטלער זיצען נאָך אַ טאָג פון בעטלען
און קלאָגען איבער חלות, איבער ברויט...
און אַז זיי פאַלען מיד אַנידער
און מאַכען צו די אויגען און זיי שלאָפען,
פאַרבלייבען דאָך די חלות ניט באַוואַכטע...
און יעדער קען דאָך קומען און זיי צונעמען,
אפילו ניט קיין שונא, נאָר אַ דורכגעהער...
ווייל ווער עס איז אַ דורכגעהער, דער — שלאָפט ניט,
ער זיצט אַנ־אַנגעכמורעטער און שלאָפט ניט,
און בעטלער זענען מיד און שלאָפען...
פאַרהאַן אַ גאָט אין הימעל, קוקט ער צו.

הויכער

וואָס איז מיט אים? וואָס רעדט ער?

קראַנקער

שוין צוויי טעג ניט געבעטעלט. נו, איז וואָס?
מיין טאָרבע ליגט פאַרבונדען, ניט גערירט.
און ווער עס וואָלט געוואָלט האָט לאַנג געקענט
זי אָפּבינדען און צונעמען, אוועקגעהן...
איז קיינער ניט געקומען. נו, איז וואָס?
מען קען נאָך קומען מאָרגען, איבערמאָרגען,
ווייל קיינמאָל איז ניט שפּעט...
מען קען אפילו קומען היינט. —
פאַרהאַן אַ גאָט אין הימעל, קוקט ער צו...

בלינדער

וואָס רעדט ער, האַ?

קראַנקער

אַט בין איך דאָך אַ גאַנצען טאָג געלעגען
און אַלץ געהערט, געזעהן.
און ווער עס קען אַלץ זעהן און הערען
דאַרף ליגען אויף איין אָרט...
און ווען איך האָב הויך גערופען
איז יענער ניט געקומען...
און ווען איך האָב ניט גערופען
איז יענער יע געקומען...
דאָס לעצטע ביסעל וואַסער פאַר מיין גומען
איז ניט דערלאַנגט געוואָרען;
און אָנגעצונדען האָב איך פייער נאָר פאַר שרעק,
און צוגעפאַלען מיט'ן פּנים צו דער ערד
אין ניט געשטילטען דאָרשט...
ווייל ווען איך האָב ניט גערופען
איז יענער יע געקומען...

אַלע

וואָס איז מיט אים? וואָס רעדט ער?

קראַנקער

איך רייד ניט מער, איך רייד ניט מער,
זאָל ריידען יענער ווען איך האָב ניט גערופען,
פאַרהאַן אַ גאָט אין הימעל — קוקט ער צו...

לייגט זיך אָוועק צוריק, גראָבט זיך איין אין געלעגער. דער גולם קומט אַרויס און בלייבט שטעהן ביים טיר. אַלע פון שרעק רירען זיך ניט. אין דעם קומט אַריין ת נ ח ו ם, מעסט אָפּ אַלעמען מיט די אויגען, דערזעהט דעם גולם און שטעהט אַ צוגעשמידטער.

רויטער

עס וועט זיין פרעהליך באַלד.

תנחום

גיט אויף אים אַ בייזען קוק, זאָגט גאָר נישט. גענעט צו האָרט צום גולם און צולאַכט זיך אויפ'ן קול.

הויכער

וואָס לאַכסטו, משוגענער?

תנחום

דו קענסט זיי?

טייטעלט אויף אַלעמען מיט די פינגער.

דו ווייסט ווער זיי זענען? דו זעהסט וואָס זיי טוען?
דו האָסט דאָך גרויסע הענט — דערשלאָג זיי;
דו האָסט דאָך גרויסע פיס — צוטרעט זיי;
איך האָב געזעהן אַ האַק ביי דיר — וואו איז זי?
דו זעהסט דעם האָרב? די רויטע באָרד?
דו זעהסט די פּוס — צושפּאַלט זי,
דו קענסט דאָך שפּאַלטען האַלץ.

גולם

זאָגט גאָר נישט. געהט אַריין צוריק אין דער פינסטערניש.
תנחום זעצט זיך אַרונטער אויף דער ערד, נעמט אַרום דעם קאָפּ.

רויטער

צולאָזט זיך, דער משוגענער.

הויכער

אים דאַרף מען נאָר אַ שלעפּ טאָן פאַר'ן צונג.

אַלע שווייגען שטיל.

תנחום

דערווייל בין איך דער באַלעבאָס —
די שוועלען זענען מיינע,
די אויסגעהאַקטע שויבען זענען מיינע,
און איך האָב אייך אַריינגעלאָזט אַהער, —
איך!
נאָך זיבען טעג, נאָך זיבען נעכט,
און — ע ר וועט אויפשטעהן,

פונ׳ם פייערדינען רייטוואגען ארונטערנידערען אהער,
דאן וועט איר אלע מוזען געהן;
דער פינפער־שלאס געהערט צו אים,
צו אים — מיין יורש...
צי הערט איר ניט ווי אלע חורבות שרייען,
ווי אלע שויבען רופען:
ווען קומט ער שוין?...
קלייבט אויף די שמאטעס,
פארבינדט די טארבעס,
ראמט אויף דעם וואהנונג
פון מיין יורש...

עס קומען אריין צוויי פרעמדע וואנדערענדע ארימע לייט, דער אלטער בעטלער און דער יונגער. פארשטויבטע פון לאנגען וועג מיט שטעקענס אין די הענט און טארבעס אויף די פלייצעס. ביידע זעהר מיד.

ביידע ארימע לייט

א גוט נ׳אווענט אייך, אידען.

אלע ענטפערען: גוט יאר.

אלטער בעטלער

געטראפען גוט. נו, זעהסט. אידען אומעדום.
מיר וועלען קענען איבערשלאפען דא,
וואס זאגט איר, אידען? —

הויכער

אודאי, זיידע.

גיט שלום־עליכם צו ביידע בעטלער און אלע א חוץ תנחום׳ען און דעם קראנקען מוען אויך דאס זעלבע.

אלטער בעטלער

עליכם שלום, אידען, עליכם שלום...
איר שלאפט זיך אויפ׳ן דיל אזוי, מסתמא,
נו, וועלען מיר זיך אויך אזוי שוין צושפארען.
נאר איבערנעכטיגען די נאכט, נאר איבערנעכטיגען...

רויטער

איר קענט אַ פולע נעכט דאָ שלאָפען, זיידע,

די חורבות זענען גענוג גרויס פאַר אַלעמען.

אַלטער בעטלער

מיר דאַרפען דאָ נאָר א י ב ע ר נ ע כ ט י ג ע ן, נים מער,

און מיט'ן טאָג גלייך ווייטער לאָזען זיך;

מיר זענען מיד. נאָך מערער — ער.

נאָך יונג און נים געוואָהנט צום וועג,

דערצו נאָך זיינע פיס — — —

זיי נעמען אַרונטער די טאָרבעס פון זיך און נעמען זיך אויס-

זעצען.

הויכער

איך זעה טאַקע, ער הינקט.

אַלטער בעטלער

עס האָבען וואונדען זיך אויף זיינע פיס

פון לאַנגען געהן אַרויסגעשלאָגען.

ער וואָלט באַדאַרפט זיך אויסרוהען. —

ווי קען מען עס? ניטאָ קיין צייט פאַר דעם.

הויכער

איר איילט אין ערגעץ?

אַלטער בעטלער

ניין, מיר איילען נים.

אהערצו האָבען מיר געאיילט. די לעצטע טעג

אָהן אָפּרוה טאָג און נאַכט געגאַנגען זענען מיר.

פון דאַנען אָבער וועלען מיר ניט איילען שוין...

הויכער

איר דאַרפט עפּעס אין פראַג?

אַלטער בעטלער

מיר דאַרפען... יע, מיר דאַרפען...

וואָס הערט מען עפּעס דאָ ביי אייך אין פראַג?

הויכער

ניט פרעהליך, זיידע, גאָר ניט פרעהליך.

אלטער בעטלער

אזוי? ניט פרעהליך?

שטיל. (דער יונגער בעטלער זעצט זיך אויף דער ערד, הויבט אָן פאַנאַנדערבינדען די וואונדען פון זיינע פיס. וויקעלט שמאַטעס נאָך שמאַטעס און פאַרוויקעלט צוריק.

האַרבאַטער

ער זעהט ניט אויס גאָר ווי קיין בעטלער, אידען.
אזא איידעל פנים —

הויכער

איר קומט פון ווייט א פנים, זיידע?

אלטער בעטלער

פון זעהר זעהר ווייט. און דאָ איז נאכט שוין.
מיר געהען, ערשט אנקעגען אונז דער שלאָס,
מיר זעהען פוסטע פענסטער, פוסטע טירען,
איז טראכטען מיר, מען קען אהער אריינגעהן...
נו, היינט שוין ווילען מיר די גאַנצע נאכט
זיך אויסשלאָפען און אוסרוהען...

יונגער בעטלער

אזוי מיד בין איך, אזוי מיד.

אלטער בעטלער

ווייזט אויף תנחום'ען.

וואָס זיצט ער עפעס ווי אַנ'אָבל?

הויכער

א ביסעל פונ'ם זינען, זיידע.

אלע קוקען ווי דער יונגער וויקעלט די וואונדען פון זיינע פיס.

יונגער בעטלער

זיי שלאָגען זיך אלץ מער פאַנאַנדער, פּלאַצען,
זיי גרייכען שוין די קניה... ווי מיד איך בין.

די אויגען מיינע קלעפּען זיך...

פאַלט צו צו דער ערד און שלאָפט.

אַלטער בעטלער

ליגט אונטער אַ טאַרבע אונטער'ן יונגענס קאָפּ.

נו שלאָף, נו שלאָף...

תנחום

שפּרינגט אויף.

עס קומען אורחים איבערשלאָפען דאָ,
און מיך גאָר פרעגט מען ניט;
דערווייל בין איך דער באַלעבאָס...

רויטער

זיי שטיל. דו זעהסט ניט, אַז מען שלאָפט.

תנחום

ער שלאָפט? ווי קומט ער שלאָפען? וואכען דאַרף ער.
פאַנאַנדעררייסען זאָל ער זיינע אויגען!
אַהערצו קומט מען וואַכיג זיין,
ציטערען,
פיבערען,
לויערען... —
טויטע דאַרפען אויפשטעהן
און ער — גאָר שלאָפען!

רויטער

פאַרמאַך דאָס מויל, משוגענער.

טוט אים אַ שטויס, תנחום פאַלט אַנידער.

אַלטער בעטלער

ניט שלאָגט אים, אידען.

רויטער

מען קען פון אים ניט אויסהאַלטען, איך זאָג אייך.
ס'איז אָהן אים אויך גענוג דאָ צרות.

תנחום

ליגט און שרייט.

טויטע דארפען אויפשטעהן,
און ער — זאל שלאפען? — —

מהר"ל

קומט אריין א איילענדיגער. קוקט מיט בייזע שטרענגע אויגען.

אלע

פארוואונדערט.

דער רב! דער רב!

מהר"ל

קוקט אויפ'ן אלטען, דער אלטער אויף אים. א לאנגער שט-ל-שווייגען.

מהר"ל

צו די פרעמדע בעטלער.

וואס טוט איר דא? וואס טוט אירביידע דא?
ווער האט נאך אייך געשיקט?
און ווער האט אייך געהייסען קומען?

אלטער בעטלער

נאר איבערנעכטיגען, פון לאנגען וועג נאר איבערנעכטיגען.

מהר"ל

אליין געקומען? אליין גאר קומען?
פארנעמט אויף שנעל די פעקלאך אייערע
און וועק אים אויף און — געהט,
איך הייס.

אלטער בעטלער

מיר זענען מיד פון לאנגען וועג.
מיר האבען זיך אזוי געאיילט —

מהר"ל

געאיילט?
טא איילט אויף שנעל צוריק. איך הייס.

אַלטער בעטלער

ער שלאָפט אזוי געשמאַק. ניט וועק אים.

מהר"ל

איז מער קיין חורבות שוין ניטאָ?

נאָר דאָ געפעלט אייך? וועק אים אויף.

קלאַפּט מיט'ן שטעקען.

אַליין נאָר קומען. אַליין נאָר איילען!

גולם קומט אַריין. ווי דער אַלטער דערזעהט אים ווערט ער גאָר אַנ'אַנדערער. ער ווערט בלייך, הויבט אָן ציטערען, נעמט אויף שנעל וועקען דעם יונגען בעטלער.

אַלטער בעטלער

שטעה אויף, שטעה אויף, אַ גיכער!

מיר מוזען געהן, מיר מוזען געהן.

נעמט אויפקלייבען זיינע זאַכען.

יונגער בעטלער

פאַרשלאָפען.

אַ נאָך אַ ביסעל שלאָפען, נאָך איין ביסעל.

דערזעהט דעם גולם און נעמט אויך ציטערען און איילען זיך.

קום שנעל אַוועקגעהן. שנעל.

זיי כאַפּען אַרויף אויף זיך די זאַכען און לויפען אַרויס אין איילעניש. גולם טוט זיך אַ לאָז נאָך זיי, וויל נאָכלויפען.

מהר"ל

וואוהין?

צו די אידען.

טאַדעאוש געהט אהער, זייט וויסען.

אַלע טומלען פון שרעק.

גולם

מיט זיי. איך וויל צו זיי.

מהר"ל

זיי דאָ. איך היים דיר. ז י י ע ר צייט

איז ניט געקומען. איצט איז ד י י ן צייט.

אלע בעטלער

וואָס וויל ער טאָן טאַדעאוש?

מהר״ל

אַרויסטרייבען פון דאַנען וויל ער אייך.

דער פינפער־טורעם איז ניט אונזערער.

אַלע כאַפּען אויפבינדען זייערע טאָרבעס. דער חולה און תנחום בלייבען ווי פריהער.

מהר״ל

שפּילערהייט צום גולם.

ועעסט וויסען וואָס דו האָסט צו טאָן?

גולם

כ׳וועל וויסען, רבי.

מהר״ל

נאָר ניט אויף טויט.

גולם

כ׳וועל וויסען, רבי.

מהר״ל

דער אינו נראה וואָס אין דיר זאָל אויפשטעהן...

איצט געה אריין און וואַרט.

גולם געהט אַריין צוריק אויף זיין פריהעריגען פּלאַץ. מהר״ל געהט אַרויס. די בעטלער, פאַרטאָן אין זייער שרעק און אויפ־קלייבען די טאָרבעס, האָבען גאָר נישט באַמערקט. עס קומען אַריין טאַדעאוש מיט זיין באַגלייטער, אַ מאָנאַך.

טאַדעאוש

דו קוקסט זיי אָן די כלומרשטדיגע בעטלער,

זיי זענען רייבער, גלויב מיר, פון אונז ביידען;

דו זעהסט דעם האָרב, דער האָרב איז אַ געפּעלשטער —

צונויפגעקנוילטע שמאַטעס.

מאָנאַך

איז ער אַ קינסטלער, דער האָרבאַטער, אויב אַזוי;

טאדעאוש

און דער, דער בלינדער, איז קיין בלינדער נים,
מיר קענען זיי, די צוגעמאכטע אויגען...

מאנאך

ווייזט אן אויפ'ן קרומען.

דאס קענסטו, פאטער, שוין ניט חושד זיין אויף אים...
זיין קלעצעל שטעקט ארויס גאנץ אפען.

טאדעאוש

גלויב אים נים

אפילו דו זאלסט אנטאפען דאס האלץ.
אזוינע קענען אפשניידען א פוס
און האלטען זי באהאלטען אין א טארבע,
און ווען מען דארף זי צושטעלען צוריק...
זיי לעבען זיך ווי באלעבאטים דא,
אזוי ווי זייערער דער טורעם וואלט געוועז;
די ווענט — פארשמירט, מיט נעגעל אנגעזעצט,
די לופט פארכאפט דעם אטעם צו דערשטיקען.
און דא האט עס אמאל געגלאנצט דער רוהם
פון אונזערע גבורים, אדעל־לייט און פירשטען;
אויף די פארלייזיגטע צושרויפטע דילען
געטראטען האבען קעניגליכע פים;
דו זעהסט נים, ווי עס שרייען פון די ווענט
די אפגעריבענע, פארשפייטע מאלערייען.
און דא אין ווינקעל, זעהסט, נאך הענגען קייטלאך
פון הייליגע לאמפאדעס. דורך דעם שיין פון זיי
ארויסגעקוקט מיט ליבשאפט האבען ז י י נ ע אויגען,
געוועהט מיט טרויער האט זיין דארן־קראנץ,
וואס זיי, די ניט געצלם'טע, די שווייגענדיגע,
ארויפגעשטאכען האבען אויף זיין שטערען;
צונישט איז אלץ געווארען, ע ר — פארטריבען,
דער בוימעל אויסגעלאשען, נאר די קייטלאך באמבלען זיך

צום חוזק נאָר... און — טאָרבעס, טאָרבעס!...

צו די אָרימע לייט.

וואָס גלאָצט איר מיט די אויגען און איר זאָגט קיין וואָרט?
איר לעבט צווישען אונז פארביטערט און דערצאָרענט,
און טראָגט דעם צאָרן אייערען ווי ער — דעם האָרב.
צי האָבען מיר אייך ווייניג נאָך געפייניגט,
געברענט, גערודפ׳ט און געפירט אייך צו דער שחיטה?
מיר זענען מיד שוין לאנג פון אונזער האס צו אייך,
פון אונזער ברענענדער רציחה, און וואָס מער,
איר ווארפט זיך אין די אויגען אונז מיט אייער הארטקייט,
מיט אייערע פארביסענע פארשטייפטע ליפען,
אלץ מער צושטערט איר אונזער טרוים נאָך רוה,
אלץ מער צופלאקערט איר אין אונז דעם האס.
קיין שלום ווילען מיר מיט אייך ניט מאכען,
ווייל אונזער בייזער חלום זענט איר, אונזער שרעק;
מיר קענען ניט ארומגעהן אויף איין ערד מיט אייך,
באלויכטען פון איין זון און אטעמען איין לופט.
די לופט, וואָס איי׳רע לונגען אטמען איין,
פארוואנדעלט זיך אין סם פאר אונזער הארץ;
און אונזער הארץ וויל ר ו ה א ו ן פ ר י ד ע ן,
וויל א פ ר ו ה ע ן פון אייך, דערלייזען זיך פון אייך...
איר ליגט אויף אונזער קאָפּ, אויף אונזערע געוויסענס,
ווי שווארצע שפינען איינגעפלאָכטענע אין קנוילען,
און שפינט און שפינט די נעצען פון קאָשמאר...
מיר האָבען אייך גערודפ׳ט; ווייניג נאָך — מיר ווילען מער!
מיר ווילען אונזער בענקעניש נאָך רוה און פרידען,
נאָך גוטס און ליבשאפט שטילען נ אָ ר אין אייער בלוט,
אין טאנץ ארום דעם פלאם פון שייטערהויפענס...
מיר ווילען צינדען שייטערהויפענס מער און מער,
ביז וואנען איר וועט אונז פון אייך דערלייזען!
מיר טראכטען, זאָגט איר, אום אויף אייך בלבולים,

און איר — איר טוט נאָר און פאַרענטפערט זיך
און האַלט אין איין דערווייזען, אַז ס'איז ליגען, —
וואָס האָט איר ניט קיין מוט אַרויסגעהן אָפען
פאַר אַלעמען, אין אַלע גאַסען שטאַלץ און ווירדיג,
און זאָגען: יע, מיר טרינקען בלוט אויף פּסח,
מיר האָבען אַלע מאָל געטרונקען, וועלען טרינקען!...
מיר ברענען אייך אומזיסט אויף שייטערהויפענס,
וואָס גערט איר צו זיין פייער ווי צום טאַנץ?
וואָס מאַכט איר ניט קיין איבערפאַל אויף אונז,
ווי מיר אויף אייך, מיט פאַקעלען און העק? —
און איצט, אין דער מינוט איך רייד צו אייך,
וואָס הערט איר מיינע רייד און ענטפערט ניט?
זאָל איינער זיך אַרויסווייזען מיט מוט,
אַרויסטרעטען, אַרויסכאַפּען מיין שטעקען
און געבען מיר אַ זעץ אין קאָפּ! — איר שווייגט,
איר וואַרט שוין איך זאָל אויסשרייען: אַרויס;
אַ אייביג, אייביג זייט איר גרייט צו געהן —
טאָ געהט!...

אַלע בעטלער געהען אַרויס שווייגענדיגע מיט די טאָרבעס אויף די פּלייצעס. דער קראַנקער און תנחום בלייבען צום לעצט, זיי שפּרינגען אויך אויף און לויפען אַרויס ווי מען לויפט פון אַ פייער.

טאַדעאוש

אַזוינע הינט. מען הייסט זיי — געהען זיי, און שוין.

דערשראָקען.

דו הערסט ניט? טריט.
איז עמיצער געבליבען נאָך פון זיי?

מאָנאַך

ניטאָ דאָ קיינער, פאָטער חיילינגער.

טאַדעאוש

קוקט אַריין אין צווייטען חדר.

ניטאַ. נאָר הערסטו ניט ווי עמיץ גערט דאָ אום?

מאַנאַך

עס דוכט זיך אונז.

טאַדעאוש

איך הער דאָך טריט. וואָס טוט זיך דאָ?

און עפּעס וויגט די לופט זיך אום.

מאַנאַך

מיר בויגען זיך די קניה.

טאַדעאוש

אַ יעזוס הייליגער, באַשיץ אונז.

זיי צלמ'ען זיך.

די לופט אַרום הויבט אָן צו פייפען, דרעהען זיך ווי אַ שטורם־ווינט, אַזוי ווי עמיצער וואָלט געפּאַכעט מיט לאַנגע פייכטע רימער. טריט פון ריזיגע ניט געזעהענע פיס הויבען אָן אַרום־צושפּאַנען. אויף די קעפּ פון טאַדעאוש און מאַנאַך נעמען פאַלען מורא'דיגע קלעפּ, איינע נאָך איינע. זיי דרעהען זיך אום אין ווילדען שרעק, בויגען זיך צו דער ערד, לויפען צו די טירען, און וואו זיי לויפען פאַרפּעלען זיי ניט די קלעפּ פון די ניט געזעהענע הענט.

טאַדעאוש

ניט גוטע זענען דאָ, ניט גוטע. קום אַנטלויפען.

נאָר באַ אַלע טירען ווערען זיי פאַרהאַלטען, אָפּגעוואָרפען אויף צוריק, און די קלעפּ אויף זייערע קעפּ הערען ניט אויף. פון זייערע נעזער הייבט אָן צו פליסען בלוט. זיי פאַלען צום ערד קרעכצענדיג פון וועהטאָג און שרעק. זיי ווערען מיט אַמאָל אויפגעהייבען אין דער לופטען און ווערען אַרויס־געשמיסען דורך די פענסטער. עס הערט זיך פון יענער זייט שלאָס ווי זיי פאַלען אַרונטער מיט אַ קלאַפּ צו דער ערד. עס ווערט שטיל. דאָס ציטעריגע לעמפּעל הייבט ווידער אָן רוהיג צו ברענען. פונ'ם זייטיגען צימער שפּאַנט אַריין דער גולם.

ער פיבערט פון אויפרעגונג. זיין פנים בלויך, זיינע אויגען טיף טיף אַנגעצונדענע. ער אָטעמט שווער מיט ברייט צועפענטע נעזלעכער. ער פאַלט צו צו אַ וואַנט און שטעהט מיט אַ פאַרוואָרפען קאָפּ.

גולם

וואו ביסטו, רבי? וואו ביסטו?

מהר"ל

איילט אַריין.

כ'בין דאָ, כ'בין דאָ.

גולם

אַ, רבי, רבי.

מהר"ל

רייד, איך הער.

גולם

ניט געה אוועק פון מיר. אַ נעם מיך פאַר אַ האַנט.

מהר"ל

וואָס איז דיר?

גולם

פינסטער, פינסטער, רבי.

ניט געה אוועק פון דאַנען.

מהר"ל

איך מוז אוועקגעהן. לייג זיך שלאָפען איצט.

גולם

אַ, געה ניט, געה ניט.

מהר"ל

וועסט דארפען פיל נאָך אויפטאָן. לייג זיך.

געהט אַרויס.

גולם

אַ, רבי, זיי מיט מיר, מיט מיר.

קוקט זיך אום

אוועקגעגאַנגען.

פאַר וואָס איז שטיל געוואָרען מיט אַמאָל?
אַ פינסטערניש. אַ פינסטערניש... וואו ביסטו, רבי?
ציהט זיך אויס אויף דער ערד און רופט.
וואו ביסטו, רבי? פינסטער, פינסטער...

---

אַ פעלד הינטער פּראָג. נאַכט. שטיקער וואָלקען שווימען אום. דער אַ ל ט ע ר ב ע ט ל ע ר און דער י ו נ ג ע ר ב ע ט ־ ל ע ר זיצען בײם װעג, װאָס פירט אין דער װײטקײט אַרײן.

יונגער בעטלער

קײנער װיל מיך ניט דערהערען,
איך בין פרעמד און ניט דערקענט;
קראַנק, װי מײנע פיס, אױך װערען
מײנע אױסגעשטרעקטע הענט.

פינסטער, קאַלט מיט טויטע טרערען
אײלט דער מאָרגענדיגער טאָג;
קײנער װעט דעם װעג אים שטערען
פרײ אַרײנצוגעהן אין פּראָג.

מיר געהט קײנער ניט אַנקעגען,
ניט מיט פרײד און ניט מיט קלאָג; —
נאַכט איז שוין אױף אַלע װעגען
צו די טױערען פון פּראָג.

אַלטער בעטלער

שװײגט.

יונגער בעטלער

זענען זעקס מעת לעת אַריבער,
הײנט דער זיבעטער מעת לעת;
אַלע אין געשפּאַנטען פיבער
װאַרטען אױף דעם גולם׳ס נס.

פון דעם מאַן, וואָס טראָגט דעם צלם,
צו דעם בעטלער מיט׳ן זאַק,
קומט דער אויסלייזער, דער גולם,
מיט אַ פּויסט און מיט אַ האַק.

אַלטער בעטלער

רייד ניט, זון מיינס, אַזוי ביטער,
אַזוי מוז מסתמא זיין,
נאָט באַשיצטער, גאָט באַהיטער,
לייג זיך אָפּרוהען, שלאָף איין.

יונגער בעטלער

קום פון דאַנען, קום אַנטלויפען,
זעה, עס ציהט זיך שוין דער רויך
פון די פּראַגער שייטער־הויפען
צו דער אָוועגדיגער הויך.

העלפען קען איך ניט דעם קרבן,
אויך ניט — געהן מיט אים צום טויט;
אָט דער קרבן איז געשטאָרבען,
און דער שייטער־פלאַם פאַרגעהט...

אַלטער בעטלער

וועלכער קרבן? איינע שרעקען
נאָר דו טוסט און מאַלסט זיך אויס;
פרילינג־ווינט פון אַלע עקען,
די לבנה שווימט אַרויס.

יונגער בעטלער

אַך, צי הערסטו ניט פון דאַנען
אַ דערוואָרגענעם געשריי?
אין אַ חייל מיט פאַרזיכט שפּאַנען
פּיס נאָך פּיס. דאָס זענען זיי.

אַלטער בעטלער

וועמענס פּיס?

יונגער בעטלער

די פּים פון שונאים,
עפּעס גרייטען זיי אין הייל;
אַ פאַרשטעלטער קרומער פּנים
שרייט פון ווייטען: ניט דערצעהל...

אַך, פאַרמאַך מיר מיינע אויגען
און מאַך שטום מיין צונג אין מויל,
איבער מיר האָט זיך פאַרצויגען
ערב־פּסח׳דיגער גרויל...

אַלטער בעטלער

לייג זיך צו און ווער אַנשלאָפען,
דאָס איז אונזער לעצטע נאַכט;
זעהסט, אַ שיין איז דורכגעלאָפען
דיר דערלייכטערונג געבראַכט.

אָט דער שיין איז דיינער אייביג,
ער באַגלייט דיך טראָט נאָך טראָט,
ווייל, ער וויים, דיין הארץ איז גלויביג,
אויסדערוועהלט פון גרויסען גאָט.

דיין פאַרצווייפלונג קומט פון טרויער,
און דיין ליבשאַפט איז דיין פּיין;
ווייל דיין אומגעדולד איז דויער,
און דיין פינסטערניש איז שיין.

קיינער, קיינער איז ניט שולדיג,
וואָס מיר זיצען אָן דער זייט,
אַז מיר זענען ניט געדולדיג
און געקומען פאַר דער צייט...

זיצען ביידע און שווייגען.

אַלטער בעטלער

ווער איינשלאָפען. דיין צוקאָפּען

זאָלען זיין דיר מיינע קניה,
ביז פון טוי די ערשטע טראָפּען
וועלען אויפגעהן אין דער פּרית.

אין דער שטילקייט וועל איך היטען,
היטען דיין פאַרוואָגעלט שלאָף;
וויפיל דו האָסט נאָר געליטען,
איז דאָס אַלץ נאָך ניט קיין שטראָף.

ניט קיין שטראָף, נאָר אַ פאַרבאָרגען
אַ געהיימניספול באַרוף;
אויב ניט מאָרגען, איבערמאָרגען —
קומען וועט אַמאָל דער רוף...

## *נגער בעטלער

רייד ניט, רייד ניט. קום וואָס שנעלער,
נעם אין מדבר מיך צוריק;
וואָס די נאַכט ווערט שטילער, העלער,
אַלץ דערשראָקענער מיין בליק.

הענט נאָך הענט, איך זעה, פאַרבראָכען,
אוינען פּלאַצען, רינען אויס,
אָפּגעהאַקטע קעפּ און קנאָכען,
פּלאָם און רויך אין יעדער הויז.

ביי די טירען פון די הייזער
שטעהען צוויי און קוקען צו
אויף די זייגערס, ווי די ווייזער
קריכען, קריכען — איך און דו.

אַלע העלזער אויפגעשניטען.
אין געמיש פון אש און בלוט
שטעהען מיר און היטען, היטען
ניט פאַרפעלען אַ מינוט...

ווייל מיר זענען שטומע עדות
פון סכנות, מאָרד און טויט,
שטומע עדות, בלינדע סודות
אין דער פינסטערניש צושפרייט...

פאַלט צו צו די קניה פוס׳ם אַלטען בעטלער,

זיי מיר מוחל, וואָס איך רייס
מיינע וואונדען ריס נאָך ריס;
זיי מיר מוחל, וואָס איך בייס
מיינע ליפען ביס נאָך ביס.

זיי מיר מוחל, וואָס איך וואַרט
אויף דערפרעהענדינע רייד;
זיך אַליין גענאַרט, פאַרנאַרט
מיט פאַרגעהענדינער פרייד...

לאַנגער שטילשווייגען.

## יונגער בעטלער

ליגענדיג מיט׳ן קאָפּ אַרונטערגעזונקען.

וויג זיך, וויג זיך
אויף מיין קיים,
אַלטע, בלינדע
אייבינקייט.

רינגען, רינגען, —
מיינע טריט
דרעהט צוזאַמען
און פאַרציהט.

פון צוטומעלטען
געלויף
שעה׳ן, רגע׳ם, —
קלייבט זיך אויף.

ווינט, פארשלעפערט
זיך צום טויט
אויף די רינגען
פון מיין קייט.

איך אליין,
פארשטעלטערהייט,
וויג זיך, וויג זיך
אויף דער קייט.

שלאפט איין, דער אלטער זיצט איבער אים און וואכט. הייבט אויך אן איינצודרעמלען.

מהר"ל קומט אן פיילענדיק אונגעדולדיג. ציטערט פון אויפרעגונג.

מהר"ל
איר זענט נאך דא? איז ווייניג
אייך איינמאל צו באפעלען.

אלטער בעטלער
כאפט זיך אויף פון דרעמעל, דערשראקען
נים בייזער זיך. די לעצטע נאכט
מיר שלאפען דא נאר איבער.

מהר"ל
קיין איינציג רגע, זאג איך דיר.
קיין איינציג רגע מער.

אלטער בעטלער
דער וועג איז לאנג און פינסטער.

מהר"ל
דערצעהל מיר נים פון פינסטערניש
און וועק נים קיין רחמנות אין מיין הארץ;
ביי וועמען בעטסטו רחמים און פאר וועמען?
פאר אים? באנוגען זיך וואס איך
דערשטיק אין זיך מיין אייגענעם געוויין,

און שטאַרק זיך ניט צו אונטערברעכען מיינע קניה,
און פאַל ניט צו צו אים און בעט ניט: האָב רחמנות...
אַז וועט וואָלט זיין צו מיר און אים,
ווען איך פאַרטרייב פון זיך מיין האַרטקייט
און עפּען אויף מיין האַרץ פאַר רחמים...
דערצעהל מיר ניט פון פינסטערניש... צו וואָס האָסטו
געדאַרפט נאָך אים אהערצו ברייננגען,
צום אנגעזיכט פון טויט און פון סכנה?
וואָס קען ער טאָן פאַר אונז? וואָס זאָל ער טאָן?
צי האָט די וועלט שוין אויסגעלאָזט אויף אונז
איהר גאַנצע רשעות, אַלע שטראָפען?
צי איז שוין י ע ד ע ר ע ר פון אונז פון לאַנד ביז לאַנד
געלעגען מיט'ן האַלז אַנקעגען חלף?
צי האָט ער שוין דערהערט דעם ל ע צ ט ע ן שאַרף,
דערזעהן דעם ל ע צ ט ע ן הויב פון שווערד?
פון וואַנען האָט ער עס געקענט דערזעהן, דערהערען, —
אַז אָט איז דאָך מיין האַלז נאָך ניט דערקוילעט,
אַז אָט איז דאָך מיין גוף נאָך ניט פאַרברענט!

אלטער בעטלער

אָ, לוי, לוי.

מהר"ל

נעם אים צו, אנטלויף.

מיט אונזער פּחד סם אים ניט דאָס האַרץ.
פון וואַנען זאָלען מיר אַרויסנעהן אים אַנקעגען,
אַז אַלע וועגען זענען פול מיט הרוגים...
און אַלע טרעטען אויפ'ן שאַרף פון שפּיזען?
און ווער זאָל זינגען אים אַ לויב —
דעם קרבנ'ס ניט דער'שחט'ען האַלז?
און ווער זאָל עפענען פאַר אים די טירען? —
די בלוט פאַרשמירטע הענט פונ'ם רוצח?
און ווער זאָל לויכטען איבער אים און שיינען? —

דער פייער פלאַם פון אָנגעצונדענע פאַרמעגענס?...
ער מוז אַוועק. ער מאַר זיך ניט געפונען
אין אונזער גבול. — צי קען ער זיינע פינגער
צונויפקלאַמערען אין פויסטען אייזערנע,
און שלאָגען מיט רציחה איבער קעפּ?
צי קען ער גאָר דעם גרוך פון בלוט פאַרליידען,
און אויך פאַרגיסען? אויפצומאַנען צאָן פאַר צאָן
און אויג פאַר אויג, און קאָפּ פאַר קאָפּ?...
צי קענען זיינע הענט די אויסגעצערטעלטע
זיך לאָזען גראַבלען אינ׳ם שמוץ פון גריבער
און זוכען אברים, אש פון ביינער?
ער קען ניט; אויב ער וויל עס קענען —
וויל א י ך ניט; ער דאַרף זיין ד ע ר ל ע צ ט ע ר...
און וועה וועט זיין צו אים, אויב ער וויל קומען
זיך איינשטעלען פאַר אונז מיט גוואַלד.

אַלטער בעטלער

מיר זענען דאָך אַ קוק טאָן נאָר געקומען,
זיין הארץ האָט זיך פאַרבענקט נאָך אייך.

מהר״ל

דערשטיקען זאָל ער טיף זיין בענקעניש...
איך האָב אַ צווייטען אונטער מיין רשות,
דער איינציגער וואָס מעג זיין פינסטער,
וואָס מעג פאַרגיסען בלוט פאַר בלוט...
קיין אַנדערען באַשטראָפער איז ניט ווערט די וועלט,
און מיר דערווייל — קיין אַנדערען באַשיצער...

אַלטער בעטלער

וועקט דעם יונגען

שטעה אויף, מיר מוזען געהן.

יונגער בעטלער

שטעלט זיך אויף

ביסט ווידער אונז געקומען טרייבען?

מהר"ל

שווייגט.

יונגער בעטלער

פארוואס פארפאלגסטו אונז?

מהר"ל

איך מוז.

יונגער בעטלער

וואס לאזסטו מיר די נאכט ניט איבערשלאפען?

מהר"ל

א בלוט-נאכט איז די נאכט.

יונגער בעטלער

די אויגען מיינע גארען זעהן די רויטע נאכט.

מהר"ל

זיי זאלען בעסער בלינד ווערען.

יונגער בעטלער

מיין אויער בענקט נאך הילפלאזע יללות.

מהר"ל

זאל בעסער טויב ווערען דיין אויער.

יונגער בעטלער

די ליפען מיינע בענקען נאכצוזאגען

דעם ודוי מיט'ן שטארבענדיגען.

מהר"ל

זיי זאלען בעסער שטום ווערען.

יונגער בעטלער

קיין ווארימערע ווערטער האסטו ניט פאר מיר?

מהר"ל

שווייגט.

יונגער בעטלער

דו רעדסט צו מיר מיט הארטער שטרענגקייט,

איך נעם עס אן פאר ליב. איך בין געקומען

אליין, ניט ווארטענדיג אויף קיינעם'ס רוף;

מיר האָט זיך דורכגעהן דורך דער וועלט געוואָלט,
אַליין פון מיינע טריט דעם אָפּקלאַנג הערען;
און אפשר, אפשר — האָט זיך מיר געחאָפּט, —
דעם אָפּקלאַנג וועט אַ יעדערער דערהערען;
איך האָב זיך אין אַזוי פיל אויגען איינגעקוקט,
אַזוי פיל טריט געזעהן אויף אַלע וועגען,
נאָר אַלע אויגען האָבען ערגעץ אַנדערש וואו געקוקט;
געבליבען זענען מיינע בליקען הענגען אין דער לופט,
און אויך די טריט פון מיינע פיס...
און איצטער וויל איך ניט קיין זאַך, — נאָר רוהען,
אוועקנעמען די אויגען מיינע פון דער וועלט,
באַהאַלטען זיי צוריק אין זיך ווי אַלע מאָל
און וויגען זיך אויף מיין פאַרוויגמער אונרוה...
ווער וויים, כ'האָב אפשר  א י י ן  מינוט פאַרשפּעטיגט,
און אפשר נאָר אויף איין מינוט זיך צוגעאיילט...
ווער וויים? — אַז איך בין גאָר אַליין געקומען,
אַזוי זיך דורכגעהן דורך דער וועלט געוואָלט...
צי קען די וועלט דערפאַר זיין שולדיג?
איז זי דערפאַר מחויב אָפּצושטעלען
די מאָרדען אַלע, אַלע פיינדשאַפטען,
און אויפהערען דעם פעלקער און דעם ברודער־קריג? —
אַז איך בין נאָר אַליין געקומען,
אַזוי זיך דורכגעהן דורך דער וועלט געוואָלט...
איך געה אוועק. שוין אָפּשלאָפען וועל איך אין מדבר
פאַר אַלע ניט דערשלאָפענע געיאָגטע נעכט,
און — פריד צו דיר און יעדערען פון אייך...

אַ צוזאַמען מיט'ן אַלטען.

**מהר"ל**

גיט זיך אַ ריס מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו די אוועק־
געהענדע. בלייבט שטעהן אַראָפּגעבויגען איבער זיין שטעקען.

מהר"ל

ניט מיט כבוד,
ווי אים פּאַסט,
אויפגענומען
אונזער גאַסט.

מיט קיין דאַך אים
ניט דערפרעהט,
ניט מיט וואַסער,
ניט מיט ברויט.

ניט פאַרוויקעלט
אים זיין וואונד;
ניט געבענשט אים:
געה געזונד.

יאָגט ער ווייטער,
זיינע טריט
אומצוקערען
טאָר איך ניט...

ווייט און ווייטער,
שפּאַן נאָך שפּאַן —
אַ פאַרשטעלטער
אָרימאַן.

זיינע ליפּען —
צונעמאַכט;
איינע — טרויערט;
איינע — לאַכט.

זיינע אויגען —
אויפגעברעמט;

איינע — גליווערט,
איינע — קלעמט.

אין זיין אויער —
קלאנג נאָך קלאנג;
אַ געיאָמער,
אַ געזאנג.

ניט צו זעהן מער
זיין געשטאַלט,
ניט פאַר יונג
און ניט פאַר אַלט...

שטעהט אָנגעשפּאַרט איבער'ן שטעקען אין טיפען טרויער. דער הימעל האָט זיך אינגאַנצען באַדעקט מיט געדיכטע וואָלקענס. אַ שטאַרקער ווינד הייבט אָן בלאָזען. פאַר אַ שטורם אויס־ברוך.

מהר"ל

צוזאַמענגעבראָכען.

אַ אַ,
זיי זענען שוין ניטאָ...

ער לאָזט זיך געהן צום שטאָט צו מיט אַנ'אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ. דער ווינט רייסט זיינע קליידער.

מהר"ל

ניטאָ, ניטאָ, ניטאָ...

ווערט פאַרלאָרען אין דער פינסטערניש, עס ברעכט אויס אַ שטורם.

---

אין פינפער טורעם. דער גולם ליגט מיט'ן פנים אראנטער און שלאפט. דער רעגען שמייסט אריין דורך די פענסטער. עס דערהערט זיך אג'עכא פון א וויטען ציטעריגען קול: „גיטא, גיטא, גיטא"... דער גולם, ווי דער קול וואלט אים פון שלאף גערופען, הויבט זיך אן ווארפען אין אלע זייטען מורמלענדיג עפעס פארשטיקט אין זיך, בלייבט ווידער ליגען אונבאוועגליך. ת נ ח ו ם א דורכגעווייקטער פון רעגען באווייזט זיך אין טיר, שטעקט אריין דעם קאפ, קומט אריין אויף די שפיץ פינגער טרייסלענדיג פון זיך דעם רעגען. ער באמערקט ניט דעם גולם.

תנחום

פחדנים!
ווילען מיך אין ערגעץ ניט אריינלאזען.
א שוועל איבערטרעטען;
פארמאכטע טירען, פענסטער,
פארהאקטע לאדען; —
תנחום קלאפט און קיינער ענטפערט ניט;
פחדנים, —
זיי מיינען אז איך זוך א נאכטלענער.

לאכט צושטעלענדיג די הענט צום מויל.

אויסגעשטארבען אלע.
זיי מיינען, אז איך וויים ניט.
צי האב איך ניט געקלאפט אין יעדען הויז,
ניט אויסגעשפרייזט די גאסען ביז דער לעצטער,
געקלאפט אין אלע לאדען און גערופען:

— קומט מקבל פנים זיין!....
אויסגעשטאָרבען פראג,
מיר ניט, דיר ניט, פלוצלינג,
אויסגעשטאָרבען פראג...

● דונער.

זאָל איך געהן שוין איבערטאָן זיך יום טוב׳דיג,
און ווארטען?
יע, איך מעג זיך זעצען אָפּרוהען, —
דערווייל ווערען צוגעקליבען אלע חורבות
אויפגעראמט און אויסגעפוצט;
אזוי האָב איך באפעלען:
פון אונטער די פארבאָרגענע באהאַלטענישען
דעקט אויף די צוגעדעקטע טישען, שטולען,
שליסט אויף די שראנקען די געשניצטע,
און נעמט ארויס די זילבערווארג און גאָלדווארג,
די כוסות די געשליפענע,
די לייכטער זיבענרערינע,
די מאצען די געמאָלענע;
מאכט אויף די קופערטען,
נעמט ארויס די קישענס
און די קיטלען,
די אויסגענייטע מענטלאך,
און טראָגט עס אלץ ארויף צו מיר...
פארשפרייט די טישען מיט די טישטוכער,
שטעלט אוים די כוסות און די לייכטער,
שפרייט אויס די היסב־בעט
אין גאָלע ווייסען...
די ליכט האָב איך געבראכט מיט זיך. —
אָט זענען זיי...
און ווין וועט ער אליין שוין ברייננען,
ער — מיין לעצטער יורש;

דעם רויטסטען און דעם שטראַלענדיגסטען,
דעם שפּיגעלדיגסטען — שפּיגעלדיגער נאָך פון בלוט;
און ליכט האָב איך געבראַכט מיט זיך, —
אַט זענען זיי...

שלעפּט אַרויס פון בוזים ליכט.

צי האָב איך ניט פאַרגעסען צו באַפעלען עפּעס?
דוכט זיך — אַלץ.
ביי אַלע טירען שטעהען שוין באַגלייטער,
אין שטורם און אין פינסטערניש,
שטעהען זיי געטריי,
געדולדיגע און וואַכזאַמע,
זיי וועלען ניט פאַרהיטען די מינוט...
צי דאַרף איך קיין זאַך מער ניט איבערחזר'ן?
— באַדינער מיינע, האָרכט, איך זאָג אייך נאָכאַמאָל:
שפּרייט אויס די היסב־בעט אין גאָלע ווייסען,
אין ג אָ ל ע ווייסען...

צינדט אָן אַ ליכט, דערזעהט דעם גולם, רוקט זיך צום טיר.

דער זעלביגער,
דער איינאונאיינציגער,
דער איבערגעבליבענער...
אַז אַלע אידען זענען אויסגעשטאָרבען,
אַז קיינער קומט ניט משמח זיין זיך —
איז ער געקומען...
אַ שלאָפענדיגער — וועט ער אויפשטעהן באַלד
און זיין אַנ'עדות,
אַנ'איינאונאיינציגער...
ווייל פּראַג איז אויסגעשטאָרבען
און אים אַליין געלאָזט דאָ שלאָפען
אַנ'איבערגעבליבענעם,
אַנ'אייביגען,
אַנ'איינאונאיינציגען...

ווil נעמען ארויסגעהן צו די אנדערע חדרים, ערשט דער גולם, ווי ער איז געלעגען, נעמט ווידער זיך באוועגען ארויס־לאזענדיג א משונה׳דיגען יאמער דורכ׳ן שלאף, ווארפט זיך אין אנגסטען און מורמעלט „ניטא, ניטא, ניטא...

תנחום

וואס ניטא? ווער ניטא?

גולם

וועקט זיך אויף. זעצט זיך.

ניטא, ניטא, ניטא.
אוועקגעטריבען האט ער זיי,
און — שטעהט אליין און טרויערט:
ניטא, ניטא, ניטא..

תנחום

וויל ארויסלייפען. גולם שפרינגט אויף און פארצאמט אים דעם וועג.

גולם

אנטלויף ניט. בלייב, מיר ווילט זיך ריידען
אט שטעה איך אויף, דו זעהסט, אט וואקס איך אויס,
אט נעמען זיך פאנאנדער מיינע פליגלען;
אט שטעל איך זיך אוועק אנקעגען דיר
און טייל זיך פון מיין פינסטערניש ארויס...
אט שטרעק איך אויס די הענט צו דיר,
אט ציה איך זיי צוריק...
אט פלעכטען זיך די פינגער מיינע אויף..
איך טאר ניט ריידען, נאר איך רייד...

תנחום

ווער ביסטו?

גולם

דו ווייסט ניט? דער פארזונקענער אין שלאף,

דער פארזונקענער, וואס האט דערהערט דעם אויסגעשריי:
ניטא, ניטא, ניטא...
דו ווילסט, וועל איך א ווארף טאן זיך צוריק,
נאך טיפער אין שלאף,
נאך טיפער...

תנחום

זיי וואכעדיג. איך וויל. איך האב קיין מורא ניט.
און ווער דו ביסט — איך ווייס ניט.
אז אלע זענען אויסגעשטארבען,
דארף איינער דאך פארבלייבען...
זיי דו דער איינער.

גולם

איך בין, איך בין.

תנחום

און ווען דו וועסט אנ׳עדות דארפען זיין,
און — איינער אויף מיין שמחה, —
צי ווייסטו פון מיין קומענדיגער שמחה?
און אויב דו ווייסט ניט, וועסטו ויסען.
איך וועל מיט גוואלד דיך ברייגגען אויף מיין שמחה:
קיין קלעזמער וועלען דארט ניט זיין,
וועסטו דער קלעזמער זיין;
קיין טענצער האב איך ניט פאררופען,
וועסטו דער טענצער זיין;
צי קענסטו טאנצען אויף א שמחה,
צי האסטו ווען געקלאפט אין טאצען,
געדרעהט זיך אין א קארעהאד?
צי ווייסטו ווי מען נעמט א חתן אויף,
און ווי מען רינגעלט אים ארום מיט ליכט,
צוקאפען און צופוסען — ליכט?...

טאנצט א דרעהדעל.

איצט זעהסטו, ווי מען טאַנצט?

פאַלט אַנידער אַ פאַרשווינדעלטער.

גולם

דו זעהסט ניט ווער איך בין? איך ווער אַן׳אַנדערער.
און — היט זיך, קוק ניט אויף מיין פּנים.
איך בין פאַר׳משפּט דאָ צו ליגען —
איך וויל ניט מער.
מיך עקעלט פון מיין לייב,
פון מיינע אויגען די פאַרגלעזערטע
און פון מיין שטום־לשון דעם פינסטערען...
דורך טעג און נעכט איך וואַלגער מיך אַרום,
איז רייס איך מיך פון זיך אַליין
אַהין — אין דער ווייטקייט אַריין...
די רגע איז געקומען, זעה,
איך שטויס מיך אָפּ פון זיך אַליין
אַזוי ווי פון אַ וואָרים...

תנחום

ליגענדיג אויף דער ערד, האָט מורא אויפהייבען דעם קאָפּ.

ווער ביסטו, זאָג, ווער ביסטו?
דורך אַלע נעכט, אין טורעם דאָ פאַרבראַכטע,
האָט מיר די פינסטערניש אַנטפּלעקט
די טיפסטע סודות איהרע —
ביסטו אויך איינער פון די סודות?

גולם

איך בין דער סוד פון ליכטיגקייט און ניט פון פינסטערניש,
ניט אַלע מאָל — נאָר איצט.
ניט קוק אויף מיר: וועסט גאָר נישט זעהן,
אפילו זאָלסט פאַנאַנדעררייסען ביידע אויגען,
ווייל אַלע פינסטערנישען זענען פאַר מיר אָפען,
און פאַר דיר — פאַרשלאָסען;
און שטימען הער איך פון דער ווייטקייט,

און געזאנגען,
און ציטעריגען אָטעם
און פליגעלדיגע טריט...
איך גער אוועק. — וואוהין?
שפרייזען אויף דער אויבערפלאך פון טייכען,
רוהען אויף דער עפענונג פון אָפּגרונדען,
נאָכגעהן נאָך די טריט פון די פאריאָגטע בעטלער...

תנחום

תייבט זיך אויף און וויל אַ קוק טאָן אויפ׳ן גולם און פאלט צוריק אין טויט שרעק.

אנ׳אנדערער, אנ׳אנדערער און ניט דער זעלביגער.
א באלויכטענער, א שטראלענדיגער,
א ברענענדיגער פנים.

גולם

ארום אים צושטראלט זיך אַ ליכטיגקייט, די ליכטיגקייט פונ׳ם איננו נראה.

איך זאָג דאָך דיר — ניט קוק.
א צווייטען מאָל — דו הויבסט אויף דיינע אויגען ביסטו טויט...
דיך שלאָגען אנגסטען. זאָג איך דיר א צווייטען מאָל,
ס׳איז ניט קיין חלום...
צי ווייסטו ניט, אז איך בין אייביג
און ניט פון דאנען...
און ניט דער קלעזמער אויף דיין שמחה,
און ניט דער טענצער,
און ניט דער עדות...
אָט קער איך זיך אוועק פון דיר,
ווייל איך בין אייביג...

תנחום

געוועזן אנ׳איינאונאיינציגער,

טנ׳איבערגעבליבענער —
איז געהט ער אויך אוועק.
דארף איך אליין דער איינער זיין,
איך אליין...
אליין — דער פאטער,
אליין — דער קלעזמער,
אליין — דער טענצער,
אליין — דער עדות,
אליין — דער אבל...

גולם

איך גיי אהין, וואו פעלדער שפרייטען זיך,
וואוהין עס איז נאך נים דערגאנגען
דער טרויער־אויסגעשריי: „ניטא, ניטא, ניטא"...
איך גיי צו מזרח־זייט,
און הער א קול פון מערב־זייט,
פון צפון און פון דרום...
איך גיי צו אלע עקען פון דער וועלט,
ווייל אלע רופען אין איין צייט,
און אלע לויפען נאך די טריט פוןביידע בעטלער
און רופען: קומט צוריק, צוריק, צוריק...

מוט א פליה דורך א טיר און פארשווינדט. תנחום שטעהט מיט דער ליכט אין האנט. דורך די שויבען שמייסט דער רעגען. דער ווינד בלאזט דעם פלאם פון ליכט. ת נ ח ו ם טוליעט זיך צו א וואנט. שיסט ארוים א וואנזיניגען געלעכטער.

תנחום

אפגענארט תנחום׳ען אפגענארט תנחום׳ען,
און תנחום האט זיך נארען געלאזט.
און ווער איז דער אפנארער? ווער?
א גולם האט אפגענארט תנחום׳ען...

פון ווייטע חדרים פון טורעם דערהערט זיך אַ פרויען געוויין
און אַ רוף נאָך הילף: ראַטעוועט! ראַטעוועט! הילכט אָפּ
איבער אַלע חורבות און ווערט איבערגעריסען.

תנחום

ראַטעוועט. — ווער זאָל ראַטעווען?

דער רוף

אַ צווייטען מאָל.

ראַטעוועט!

תנחום

ווער קען ראַטעווען? ווער?
ווער וויל ראַטעווען? האַ?
ווער דאַרף ראַטעווען? ווער?

לויפט אַרויס האַסטיג און פאַרשווינדט. פון די ווייטע חדרים
לויפען אַריין די ר ב י ' צ י ן און ד ב ו ר ה ' ל. קוים
זיי אָטעמען, האַלטען איינע די אַנדערע זיי זאָלען ניט פאַלען
פון שרעק.

רבי׳צין

ניט גוטע האָבען אונז אהער געטראָגען. ניט גוטע.
איצט ווייסען מיר ניט ווי אַרויסצוגעהן.
מיר זענען פאַרפאַלען, טאַכטער מיינע, טאַכטער מיינע.

דבורה׳ל

אַזוי פיל טירען, היילען, ווער זאָל וויסען?

רבי׳צין

איך פיל שוין ניט מיין קאָפּ אויף זיך
אַזוי פיל מאָל אין וואַנט זיך אָפּגעשלאָגען...
און ווער איז שולדיג? דו. אַזאַ שגעון.
אין מיטען נאַכט זיך לאָזען געהן אהער...

דבורה׳ל

אַז ווער זאָל וויסען.

רבי־ציון

אנ־איינפאַל פון אַ מענשען, האָסט געהערט?
אהערצו געהן דעם זיידען זוכען.
וואָס קען דאָ אין די חורבות טאָן דער זיידע?

דבורה׳ל

אז ווער זאָל וויסען? איצטער שרייסטו —
און דו האָסט דאָך אליין געזאָגט, מען דאַרף אַ געה טאָן.

רבי־ציון

אליין? אודאי האָב איך דאָס געזאָגט. אז אלע
פארהאקט אהינטער טיר און טויער זיצען.
שוין צוועלף דער זייגער און דער זיידע
איז נאָך ניטאָ פון מעריב אָן.

דבורה׳ל

דאָס גאַנצע קלייד צוריסען אין דער פינסטער...

רבי־ציון

און איך האָב ביידע הענט צושטאָכען.
אזוינע נעגעל פול און פיל. עס דונערט ווידער.

דבורה׳ל

וואָלט ע ר זיך אָפּגערופען כאָטש, ער שלאָפט דאָך דאָ.

רבי־ציון

זיי שטיל. ניט רייד. מער פעלט אונז ניט...
אָ, גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב,
דערבאַרים זיך אויף אונז, דערבאַרים זיך.

דבורה׳ל

קום זוכען נאָכאַמאָל. עס מוז דאָך זיין
דאָ ערגעץ וואו אַ טיר ארויסצוגעהן.

רבי־ציון

ווי האָבען מיר געקענט אזוי פארבלאָנדזשען.
מיר זענען נאָר וואָס דאָך אריינגעגאַנגען...

*געהען צו די פארשיידענע טירען, טאַפּען אין דער פינסטער, זוכען און קערען זיך אום צוריק.*

רבי׳צין

אַ וואָס זאָלען מיר טאָן, טאָכטער מיינע?

אזא אונגליק.

דבורה׳ל

באָבע, וויין ניט, וויין ניט.

וויינט אליין.

רבי׳צין

וואָס שטעהען מיר? פרוב נאָכאמאָל אַ רוף טאָן.

דבורה׳ל

שרייט מיט אַ וויינענדיגען קול.

ראטעוועט!

רבי׳צין

אריה לוי! אריה לוי!

דבורה׳ל

ניט שריי, ניט שריי.

רבי׳צין

שא, מען ענטפערט, דוכט זיך.

אַ ווייטער קול פון תנחום

ווער זאָל ראטעווען?

ווער קען ראטעווען?

ווער דארף ראטעווען?

ווער? הא־הא־הא...

ביידע פרויען פאַלען צו איינע צו די אַנדערע, טוליען זיך אין אַ ווינקעל מיט אָפּגעפאַלענעם אָטעם.

רבי׳צין

לאָמיר שטיל זיין. לאָמיר בעטען גאָט.

דבורה׳ל

עס דרעהט זיך מיר דער קאָפּ. איך פאַל באלד.

רבי׳צין

האַלט זיך אָן אָן מיר, טאָכטער מיינע, קינד מיינס...

עס אײַלט אַרײַן דער גולם מיט דעם אינגו־נראח־שיין איבער אים. בײדע פרויען פאַרדעקען די געזיכטער מיט די הענט און טוען אַ געשריי פון שרעק.

גולם

צו וואָס האָט איר אַזאַ געשריי געגעבען, אַז איך קום
איך אויסלייזען, אייך ראַטעווען, אַרויספירען?
דער ווינט האָט מיר דערטראָגען אייער רוף נאָך הילף,
און פון דער ווייטער ווייט האָב איך דערזעהן אייך דאָ...
איין שפּאַן — און אַלע וועגען שפּרינגען מיר אַנטקעגען.
די פינסטערניש צושפּרייט זיך אין אַ ליכטיגקייט פאַר מיר,
און אַלץ צו וואָס איך ריר זיך צו ווערט דורכזיכטיג,
ווערט לויטער; מײַנע הענט, ווען אויסגעשטרעקט, דערגרייכען
פון איין עק וועלט צום צווייטען...

בײדע פרויען

אַ, געה אַוועק פון אונז.

גולם

אַוועקגעהן? איך בין אייך געקומען אויסלייזען,
און איר האָט מורא נאָר פאַר מיר. וואוהין זאָל איך אַוועקגעהן?
און ווער וועט זיין דער אַנדערער, וואָס וועט אייך ראַטעווען?
איר מיינט, אודאי, ער, דער בעטלער, וועט נאָך קומען?...
איר האָפט אומזיסט, איך זאָג אייך. איך אַליין
בין אויפגעשפּרונגען פון מיין שלאָף דערהערענדיג
דער טרויעריגען אויסגעשריי: ניטאָ, ניטאָ, ניטאָ,
און זיך נעלאָזט אים אָניאָגען, צוריקקערען...
אומזיסט געווען מיין אויפשפּרינגען, מיין איילעניש,
אומזיסט מיין לאַנגען טורעם־שלאָף צושטערט.
אַז איך מיט גאַרנישט קער זיך אום צוריק אהער,
היינט ווי קענט איר נאָך האָפען, ער זאָל קומען?...
דער איינציגער, וואָס קען אייך ראַטעווען, בין איך, —
בין איך...

בײדע פֿרויען

גײ אַװעק! צי ביסטו דער, װאָס רופֿט זיך יאָסעל? זאָג.

גולם

מען רופֿט מיך אַנדערש איצט, װײַל יאָסעל איז
אַ צװײטער הײַנט, אַן׳אַנדערער; ער ליגט ניט מער
אַן׳אױסגעצױגענער צושלײדערט אױפֿ׳ן דיל
און שלאָפֿט ניט מער זײַן אומגעװױנלעך פֿינסטער־שלאָף.
איך האָב זיך אױפֿגעהױבן שטילערהײט און בין אַװעק.
איך װײס, דער רבי װאָלט מיך ניט געלאָזט,
האָב איך אַלײן, ניט פֿרײנדלעך זיך, דאָס געטאָן.
איך האָב שױן לאַנג געחלום׳ט װעגן זיך אַלײן...
װאָס קוקט איר בײדע אַזױ טױט דערשראָקען?
איר האָט מיך ניט ערװאַרט צו זען? ס׳איז אמת, יע,
אַז מיך טאָר קײנער זען און הערן,
און איך אַלײן טאָר קײנמאָל ניט אַנטפּלעקן זיך, —
כ׳מוז אײביק זײַן דער ניט געזעענער, פֿאַרנעבעלטער,
ביז דער, װאָס האָלט דעם שנירעל פֿון מײַן מזל,
זאָל זאָגן: גײ, פֿאַרנעם, דערהער און זע...
צי װײסט איר, װער עס האַלט דעם שנירעל פֿון מײַן מזל?...

בײדע פֿרויען

אַ, גײ אַװעק. דו שרעקסט אונז. גײ אַװעק.

גולם

איר װײסט ניט, װער עס האַלט דעם שנירעל פֿון מײַן מזל?
איך װעל אײַך זאָגן, אױב איר װילט... ניט שרעקט זיך, —
דאָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל
אַז איך דעק אױף מײַן אױסזען, רײד צו מענטשן
און קוק זײ אין די אױגן גלײַך אַרײַן;
אַז איך אַלײן טרעט איבער אױפֿ׳ן שװעל
און קום אַ ניט דערװאַרטעטער, אַ מיטערנאַכטיגער,
און רײד אַזױנע רײד און הער אַזאַ אַ שטילקײט. —

דאָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל...
צי ווייסט איר, ווער עס גערט מיר נאָך און רופט,
און צווינגט מיך גערן אהער צוריק? און ווייסט איר, וואָס עס מיינט
דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל?... איר ווייסט ניט.
איר ווילט, וועל איך אייך אויסזאָגן. — איך ליג און שלאָף.
עס דוכט זיך אוים, איך זעה אפילו ניט דעם שיין פון חלום,
און עפּען איך די אויגען ווען — דערזעה איך ניט
מיין אייגענעם געשטאַלט, און שריי איך עפּעס אויס —
דערהער איך ניט מיין אייגענעם געשריי;
נאָר אָט דערהער איך און דערזעה פאַר טויזענד מייל,
דערזעה מיט צוגעמאַכטע אויגען, און דערהער
מיט טויבע אויערען, און שריי און רוף
מיט אַ פאַרשטומטען צונג. צי הערט איר ניט,
אַזוי ווי איך, אַ יאָמער דורך די חורבות?
דאָס רופט מען מיך... איך האָב געמיינט, מיר וועט ניט ארען,
איך וועל די חורבות איבערלאָזען זיין אליין,
און זאָל דער יאָמער אויסגעהן אין דער ליידינקייט פון טורעם!...
אַזוי האָב איך געמיינט. נאָר זעהט איר, אין מיין הארץ
האָט זיך אַ בענקשאַפט אויפגעוועקט נאָך אים,
אַ ליבשאַפט. דורך מיין גאַנצען לייב לויפט דורך אַ ציטער.
איך וואַרט שוין די מינוט, ווען איך וועל ווידער
אַ וואַרף טאָן זיך, זיך אויסציהען און בלייבען ליגען
אַרומגעהאַלזט, אַ צוגעדריקטער צו די דילען,
און ליגען אין דער פינסטערניש און ליידיגקייט...
איך האָב אים ליב, דעם פינפער־שלאָס, איר ווייסט?...

זעצט זיך אַרונטער אויף דער ערד.

כ'וועל זיצען נאָר אַ ווייל, נאָר איין ווייל. איך בין מיד,
וועל אָפּרוהען. די פינסטערניש און ליידיגקייט
זיי וועלען וואַרטען דאָך... — איך מעג זיך זעצען?

דבורה'ל

וואָס פרעגט ער, הא? וואָס פרעגט ער?

גולם

האַט ניט מורא.

איך וועל אייך גאָר ניט טאָן, און — קוקט אויף מיר.
וואָס טרייסלען זיך די הענט אַזוי ביי אייך, די ליפּען?
איר וועט דאָך קיינמאָל מיך ניט זעהן מער, קיינמאָל...
איך בין דאָך אַזאַ ליכטיגער אַצינד, דער ליכטיגסטער,
נאָך ליכטיגער פון אים, פונ׳ם יונגען וואַנדערער,
און ליכטיגער פונ׳ם רבי... איר ווילט, וועל איך אייך זאָגען,
וואו טרעטען איצט די פיס פונ׳ם יונגען וואַנדערער,
און וואו — דעם רבי׳ס. —

רבי׳צין

האָסט געזעהן דעם רבי׳ן?

גולם

צו איך האָב אים געזעהן? איך זעה אים אייביג
די טריט פונ׳ם וואַנדערער פאַרשווינדען, און דער דונער,
וואָס קייקעלט זיך אַראָפּ פון הימעל, שלינגט זיי איין;
איר מיינט, אומזיסט געקומען איז דער דונער איצט?
דער רבי געהט צוריק. ער געהט אַהיים, ער קומט באַלד...

רבי׳צין

פון וואַנען געהט דער רבי?

גולם

פונ׳ם פעלד, פון הינטער שטאָט.

איך קום דאָך אויך פון דאָרט, וואו אַלע וועגען
פאַרשלאָסען האָבען זיך פאַר ביידע וואַנדערער; —
איך האָב געזעהן דעם רבי׳ן שטעהענדיג אין טרויער,
דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און ער, — דער וואַנדערער,
איז זיך נעגאַנגען טראָט ביי טראָט מיט זיינע וואונדען־פיס
אַהין, וואו אַלע וועגען האָבען אים פאַרטריבען...
און, אַך, ווי שטאַרק איך האָב געוואָלט אים נאָכלויפען,
פאַרלויפען אים דעם וועג און דרעהען זיך,

און לייגען זיך צו זיינע פיס און זיין זיין שאָטען —
נאָר ווי האָב איך געקענט, אַז אין מיין האַרץ האָט זיך
צובראָכן די בענקשאַפט... יע, דער רבי געהט אהיים;
אַז איך מוז געהן צוריק — מוז ער געווים;
דער רבי זאַמט זיך, ווייל ער געהט מיט שווערע טריט,
מיט טרויעריגען זינקענדיגען קאָפּ, און איך —
דער גאַנצער וועג פאַר מיר איז נאָר איין שפּאַן,
די גאַנצע פינסטערניש — איין אויגענבליק;
דער רבי געהט אין דונערען און בליצען איינגעהילט,
דער שטורעם־ווינט, וואָס קומט, האָט אים פאַרכאַפּט דעם ערשטען,
ער שליידערט אים אין אַלע זייטען, פליקט די קליידער זיינע, —
איך הערט, דער רעגען שמייסט אריין דורך אַלע לעכער...

רביצין

אַ, גאָט, דערבאַרים זיך, דערבאַרים זיך.

דבורה׳ל

אַנטלויפען קום, אַנטלויפען.

גולם

נעהט ניט, נעהט ניט.
עס טאָר מיך קיינער ניט דערזעהן אין דער מינוט,
און קיינער טאָר ניט הערען מיינע ווערטער אויסער די
פאַר וועמען איך האָב אויפגעדעקט מיין אויסזעהן,
און אויפגעדעקט מיט ווילען... ווייסט איר, ווער עס זיצט מיט אייך?
מיין פּנים איז אייך גוט באַקאַנט און אויך מיין נאָמען,
נאָר זעהן האָט איר מיך קיינמאָל ניט געזעהן;
און בלינד וואָלט איר געוואָרען אין איין רגע,
ווען איר וואָלט פּלוצלינג אָ ה ן מ י י ן ו ו י ל ע ן מיך דערזעהן...
ווייל טויט און בלענדעניש און פייער־שיין,
און אייביגער פאַרגעהן — דאָס זענען מיינע אויגען...

איך לעב, און ווייס אליין ניט וויפיל, אויף דער ערד און אונטער איהר,
מיט מענשען און מיט חיות און מיט ווערים,
אין וואסער און אין פייער און אין שטיינער,
און קיינמאל זעה איך ניט דעם אנהויב און דעם סוף
פון מיר און פון מיין אייביגען פארגעהן...
איך בעט זיך: נעם אראפ פון מיר דעם גזר פון וואונדער;
נאר ווער דערהערט דא מיין געבעט?... און איצט, איך פליה
אזוי פון פעלד אהער, דערהער איך מיט אמאל
א מאדנעם קלאנג אין מיינע אויערען, און אין די אויגען
א ברען האט מיר געטאן א פרעמדער פייער...
און אפשר, ניין — וואס רייד איך? — כ'וואלט אריין
אין יעדען הויז, מיך ארט ניט ווער עמענס;
ווייל יעדע הויז וואלט מיך מיט שרעק באגעגענט
און יעדע הויז וואלט מיך מיט שרעק פאריאגט...

לאזט אראפ דעם קאפ און זיצט. דונערען און בליצען

דבורה׳ל

דערבארים זיך אויף אונז, דערבארים זיך.

גולם

דו האסט נאך מורא אלץ? דער רבי וועט באלד קומען.
איך זעה: ער איז שוין נאנט. דער רעגען גיסט אויף אים
און האט אויף אים קיין שליטה ניט, די בליצען
זיי לייכטען אים דעם וועג. ער קומט, ער קומט...
ער טאר ניט וויסען וואס איך האב גערעדט פאר אייך.
איך זעה אויף דיין געזיכט א מורא א באזונדערע,
דו קוקסט מיר אין די אויגען גלייך, דערמאנסט זיך יענע רגע,
ווען איך האב דיך א כאפ געטאן צו זיך און צוגעדריקט...
איך פיל נאך איצט דיין ווארימקייט אויף מיינע פינגער,
און דא ביים ברוסט נאך הער איך איצט דיין ציטער...
נאר דאן בין איך איינשטומט געווארען, ניט געקענט
דעם אטעם אפכאפען... און איצט איז אנדערש,

איך וויל אפילו זיך ניט אָנרירען צו דיר. מיר איז גענוג
צו זיצען, ווי איך זיץ אנקעגען דיין געזיכט,
און ריידען רייד, וואָס דרעהען זיך מיט לייכטקייט,
מיט לייכטקייט און מיט בלענדעניש... ווען איך זאָל וועלען —
דערשראָקען און דערשטיינטע ווי איר ביידע זיצט, —
א כאַפּ וואָלט איך דיך געבען און א הויב טאָן צו דער הויך,
ארונטערשליידערען צו מיינע פיס און ווידער אויפהויבען,
און דרעהען דיך ארום מיין קאָפּ מיט שווינדלענדיגען אימפּעט,
און דרעהען אזוי לאַנג און שנעל, ביז דיינע הענט
ארומגעקלאַמערט וואָלטען זיך ארום מיין האַלז, און דיינע ליפּען,
פאַרברענטע און צונויפגעשלאָסענע פון פּיין און וועהטאָג,
אריינגעזונקען וואָלטען זיך אין מיינע... —

ביידע פרויען אין פאַרצווייפלונג פאַרשטעלען די פּנימער און ברעכען מיט די הענט.

גולם

און מערער נאָך:
איך וואָלט ארויפגעשליידערט דיך אויף מיינע אקסלען,
און דורך דער שטורעמדיגער, בליצענדיגער פינסטערניש
אריינגעטראָגען וואָלט איך דיך אין איינעם פון די טורעמס,
און ביידע וואָלטען מיר זיך אויפגעדרעהט אין איינעם,
זיך איינגעדעקט און איינגעגראָבען אין דער לערקייט...
און אויפגעעפענט וואָלט איך מיינע אויגען און דערזעהן:
די ווינטען רייסען און צופּליקען דיינע קליידער,
די בליצען דעקען אויף די ווייסקייט פון דיין לייב,
און אָנגעטרונקען ווערט די לערקייט מיט דיין וואַרימקייט... —
אריינגעביסען וואָלט איך זיך אין דיינע גלידער,
אריינגעזויגט אין זיך דיין ווייסען לייב... און ווידער שטיל.
דער רעגען שמייסט אריין דורך אלע לעכער,
די בליצען פלעכטען זיך און פלעכטען זיך פאַנאַנדער,
און צינעל פאַלען איינס נאָך איינס און זינקען...

שטעלט זיך אויף.

אַט פיר איך אייך אַרויס. איך פיל, מיך עקלט
פון אייער שרעק, און מערער נאָך פון מיין אַנטפּלעקן זיך;
איך האָב זיך שוין גענוג דערנידעריגט דערמיט אַליין,
וואָס איך האָב ניט געקענט פאַרביינגעהן דיך אינגאַנצען
און ניט דערמאָנען זיך אָן יענער וואַרימקייט אויף מיינע פינגער;
וואָס איך האָב אויסגעזאָגט פאַר אייך אַזוי פיל סודות,
פאַר אייך, דערשראָקענע, פאַרבלאָנדזשעטע צוויי ווייבער...

גערט צום טיר און שטעלט זיך אָפּ.

...ס׳איז שטיל געוואָרען מיט אַמאָל דער יאָמער אין די חורבות:
איך האָב געגעבען נאָר איין טראָט, האָט שוין די רוה
צושפּרייט זיך איבער אַלע ווענט און היילען,
ווייל יעדער טראָט פון מיינע פיס איז פרייד,
און יעדער בויג פון מיינס אַ האַנט איז רוהיגקייט...
אַט ציטערט איר — און אייערע געזיכטען זענען וויים,
פאַר׳חלום׳ט, איינגעשלאָפען... איך אַליין, ווי איר,
פאַרגעס אָן אַלע מיינע רייד און פיל ווי מיינע ברעמען
פאַרמאַכען זיך, פאַרמאַכען זיך. איך וואָלט געקענט
אַנידערלייגען זיך אָט דאָ און איינשלאָפען; איך טו עס ניט.
איך קען מיין שלאָף אַריבערטראָגען ערגעץ אַנדערש;
נאָר איר קענט ערגעץ ניט אַוועקגעהן, ערגעץ ניט...
פון אַלע זייטען קומט אויף אייך דאָס לאַנג דערוואַרטעטע
מיט שאַרפע העק און צוגעגרייטע פייערען;
און אין דער האַרץ פון נאַכט שוין ניסען זיך אַריין
נאָך וואַרימע, אָט אָט פון שווערד אַראָפּגערונענע,
די ערשט רויטע טראָפּען... איינס נאָך איינס... און מיט אַמאָל
די טראָפּען ווערען אויפגעבראַוזט אין שטראָמען,
צו יעדער טיר אַ שטראָם... און אָט צו אייער טיר.
אָט טראָגען אייך אַוועק די רויטע שטראָמען ווייט און ווייטער;
עס ברענען הייזער און זיי פאַלען און פאַרלעשען זיך,
און מיט די הייזער — קעפּ פאַרברענטע און דערנאָך
דערטרונקענע,

זיי רינגלען אייך אַרום און שווימען מיט די שטראָמען...
עס קלינגען מאָנאַסטירען־גלעקער, צלמים גליהען,
און מיילער, רויטער נאָך פון פייער, באַפּען אויף די גלעקער־קלאַנגען
און שלינגען זיי אַריין אין זיך, און וואַרפען זיי אַרויס צוריק
אין לאַנגע שלענגעלדיגע צונגען, דרעהען אייך אַרום, דערטרינקען אייך,
און שלעפּען אייך אַרויס צוריק, דערטרינקען ווידער...
און איר — איר זיצט זיך, אַט אַזוי ווי איצט, פאַר׳חלום׳ט,
און איינגעשלאָפען, איינגעוויגט אין רוה — אין מיינער...
אייך מעלען זיך נאָר שרעק און טרויער; זאָג איך אייך:
הויבט אויף דעם קאָפּ און זעהט, ווי ווייט און הויך
איך שפּרייט פאַנאַנדער מיינע הענט, ווי גרינג איך אָטעם;
אַט גיב איך מיינע פיס אַ הויב און ריר ניט אָן דעם דיל,
ווי פליגלען טראָגען מיך די שפּאַנען מיינע...
וואַכט אויף און געהט. איך פיר אייך.

ביידע פרויען זענען פאַר דער צייט אַזוי ווי פאַרחלשט גע־וואָרען פון שרעק, האָבען זיך אָרונטערגעזעצט צו דער ערד און געזעסען מיט פאַרדעקטע געזיכטען. זיי רירען זיך ניט פון אָרט.

**גולם**

וואַכט אויף, איך וועיז אייך אָן דעם וועג אַרויסצוגעהן,
פאַרבלאָנדזשעטע, פאַרלאָרענע, איך פיר אייך.

ער נעמט זיי פאַר די הענט און שטעלט זיי אויף.

**ביידע פרויען**

ווי געריהרט געהען נאָך נאָך אים.

**גולם**

ניט האָב קיין מורא, וואָס איך ריר דיך אָן ביים האַנט...
דאָס פיר איך דיך, דאָס וועיז איך אייך דעם וועג...

פירט זיי אַרויס. קערט זיך אין אַ רגע אַרום צוריק, זעצט

זיך אוועק אין א ווינקעל און ווײגט זיך מיט די הענט פאר־
לײגט אויפ'ן הארצען.

גולם

ניטא, ניטא, ניטא...
וואס שווײגט איר, ווענט,
מײנע ווענט?...
וואס שלאפט איר, הײלען,
מײנע הײלען?
וואס פרעגט איר ניט,
פון וואנען קום איך?...

אויפגעשטאנען, אויפגעלויכטען,
אפגעבונדען אלע ווערטער,
אויסגערעדט זיי אין דער לערקײט...
איצט — ווי פריהער, —
קלאפט דער רעגען
אויף די שטײנער פון מײן שלאס...

האט מיך עמיץ
דען געהײסען
געהן זיך יאגען נאך דעם שאטען
פון די צווײ? —

קײנער, קײנער, קײנער...

אז מען האט
נאך הילף גערופען, —
האט מען דען
צו מיר גערופען?
האט מען דען
אויף מיר געהאפט?...

וואס שווײגט איר, ווענט,
מײנע ווענט?

וואָס שווייגט איר, היילען,
מיינע היילען?

תנחום

שלייכט זיך אַריין.

ווער זאָל ראַטעווען? ווער?
ווער קען ראַטעווען? ווער?

גולם

איך.

תנחום

מיט אַ הילכיגען געלעכטער.

האַ, האַ, האַ, ער!
ווער ביסטו? ווער?

ערשטוינט.

ביסט דאָ צוריק? ווי שנעל.
דער זעלבינער.
געווען ניט לאַנג אַנ׳אַנדערער,
און שוין צוריק דער זעלבינער

מיט כעס.

אָפּגענאַרט תנחומ׳ען, אָפּגענאַרט תנחומ׳ען.

גולם

ווערט טונקעלער און טונקעלער.

תנחום

פון אַלע עקען פון דער וועלט
צוריק געקומען...
האַ, האַ, האַ, —
וואָס טוט זיך עפּעס אויף די עקען פון דער וועלט?

גולם

זייַ שטיל. דו הערסט? —

תנחום

איך הער, אודאי הער איך.

גולם

רוק זיך צו צו מיר. נענטער.

תנחום

רוקט זיך צו האַרט צום גולם. זיצען ביידע.

גולם

אַט בין איך דאָך צוריק געקומען, זעהסט.
אַ רגע פריהער, שפּעטער, — אין אַ נאַכט
פון איינע דונערען און שטורם־רעגען,
פון ניט דערגאַנגענע און ניט דערגרייכטע ווייטקייטען —
וואָס מאַכט עס אויס צי פריהער מיט אַ רגע אָדער שפּעטער?

תנחום

וואָס מאַכט עס אויס? אודאי, יע...

גולם

ווי היימליך מיר איז דאָ. דיר אויך?

תנחום

אודאי, יע.

גולם

איך האָב די היימליכקייט געפילט נאָך דאָרט,
אין פעלד און וואַלד זיך יאָגענדיג,
אַלץ זעהענדיג און הערענדיג.
איך האָב געוואוסט, אַז ערגעץ זענען דאָ פיער ווענט...
דו ווייסט עס אויך?

תנחום

אודאי ווייס איך. יע.

גולם

און וואָס וואָלט זיין, ווען ליכטיג דורכזיכטיג
עס וואָלטען זיין אויך ד י פיער ווענט?
וואוהין וואָלט איך געקענט אנטלייפען פון דאָס אַלץ געזעהענע?
און וואו וואָלט איך גענומען הארטקייט פאַר מיין לייב,

און קאַלטען ציטער, שטעכעדיגע פינסטערניש,
און אָפּגעצאַמטע, אָפּגעגרענעצטע פארלאָזענקייט?...
איך האָב גערעדט, אוועקגעהענדיג פון דאַנען,
מיט בייזע רייד צו דיר; נאָר האָסטו ניט געהערט
אין מיינע בייזע רייד אַ וואונק אויף מיין צוריקקער,
אַנ׳אָנזאָג אויף מיין בענקעניש און ליבשאַפט?

**תנחום**

איך האָב געהערט, געהערט, אודאי.

**גולם**

איך האָב מיר אויסגעגעסען שוין די אויגען פון מיין ליכטיגקייט,
און אַלע מענשען, וואָס איך האָב באַגעגענט דורך דער נאַכט,
צוזעעט געוואָרען זענען אין מיין ליכטיגקייט;
זיי וועלען אָבער זיך געפונען; יעדערער פון זיי
האָט ערגעץ וואו אַנ׳אָפּגעצאַמטען ווינקעל,
וואו צו צופאַלען מיט׳ן קאָפּ און אויפדריקען דעם שטערען,
מיט ביידע אויגען זיך אריינגראָבען און שווייגען...
ר׳ לוי האָט אַ חדר, און דער יונגער וואנדערער —
דעם שטיינער־נעסט אין מדבר... נאָך אַ נאַכט און נאָך אַ נאַכט,
ער יאָגט אַהין און ער וועט קומען,
אַזוי ווי איך אַהער, און אויך, ווי איך, מיט פרייד
זיך ווארפען קושען די פארשפּיצטע שטיינער,
וואָס וועלען אים ארומכאַפּען מיט זייער שטעכיגקייט,
ארומהאַלזען מיט זייער הארטקייט און פארלאָזענקייט...
ר׳ לוי זיצט שוין אין דער היים ביי זיך און זעהט
אנטפּלעקטע וואונדער און אַנטפּלעקטע שרעקען...
אָט פאַלט ער צו צום טיש און ווערט אַנשווייגען
אַ גליקליכער, ווי איך, אין זיין פארשטיינערונג;
אָט שטעלט ער זיך און געהט. ער געהט אַהער, ווי איך,
צו זוכען היימליכקייט אין די פיער ווענט, וואו ער
איז שטענדיג זיכער צו געפינען איינעם — מיך —
וואָס ווארט אויף אים און איז אויף אייביג זיינער...

תנחום

זיינער?

גולם

ניט פרעג. רוק נענטער זיך צו מיר.

תנחום

דו שלאָפסט, צי וואָס?

גולם

ניט פרעג, ניט רייד... פאַרלעש זיך, ליכטיגקייט,
באַהאַלט זיך, שיין פון מיינע אויגען,
פאַרשווענקטער דיל, דערנענטער זיך צו מיר.
שיק דורך דיין קעלט דורך אַלע מיינע גלידער...
זאָל הערען זיך דער אָטעם נאָר פון דונערען,
און זאָל דער ווינד אריינשמייסען דעם רעגען...
דערווייטער זיך פון מיר, דערווייטער זיך...

פאַלט. ציהט זיך אויס מיט'ן פנים אַרונטער אין דער זעלבער פאָזע ווי ער איז געלעגען גאָר אין אָנפאַנג. תנחום, פול מיט שרעק, רוקט זיך פון אים אַלץ ווייטער און ווייטער אויף די שפּיצען פינגער. קומט צו אַ טיר און פאַרשווינדט האַסטיג. זיינע האַסטיגע דערשראָקענע טריט הילכען אין די ווייטע חדרים פון טורעם. שטילער, שטילער און פאַרגעהען. שטאָק פינסטער. עס קומט אַריין מהר"ל מיט אַ לאַמטערען אין האַנד.

מהר"ל

באַלויכט דעם גולם מיט דער לאַמטערען.

קיין ענדערונג. אזוי ווי איך האָב אים פאַרלאָזט.
דער זעלבינער.

שווייגט.

דער גאַנצער רעגען געהט אויף אים.
שטעה אויף, שוין צייט, שטעה אויף.

גולם

זעצט זיך אויף.

מהר"ל

נענוג געשלאָפּען.

גולם

רבי.

מהר"ל

שלאָפסט שוין צוויי מעת־לעת.

גולם

איך האָב שוין לאַנג געוואָלט זיך אויפכאַפּען.
שוין וויפיל מאָל זיך אויפגעזעצט און ניט געקענט
פונאַנדערעפענען די אויגען. נאָס איז מיר און קאַלט.

מהר"ל

דער רעגען גיסט אויף דיר די גאַנצע צייט.

גולם

אין שלאָף האָב איך דעם רעגען ניט געפילט.
וואו בין איך רבי?

מהר"ל

ווייסט דען ניט? אין פינפער טורעם.

גולם

און מיר האָט זיך געחלומט אַלץ, אַז איך
בין ערגעץ ווייט אַהינטער שטאָט, איך שפּאַן אַרום
אויף גרויסע שאָטענדיגע פעלדער, שפּאַן און שפּאַן.
עס קומען אַן אַזוינע מענשען מיר אַנקעגען,
איך לאָז זיך געהן צו זיי, זיי ווערען נענטער;
איך טו אַ שפּרונג און וויל זיי זעהן אין פּנים,
נאָר ווי איך דרעה זיך ניט, פון וואָסער זייט איך קוק ניט —
איך זעה קיין פּנימ'ער, נאָר נאַקענס...
קיין אויגען, שטערען, נעזער — איינע נאַקענס;
קיין מיילער — דאָך איך הער זיי רעדען...
איך פרעג: ווער זענט איר, ענטפערען זיי „דו";
פון וואַנען קומט איר — זאָגען זיי: „פון דיר";
איך פרעג: וואו געהט איר: — זאָגען זיי: „צו דיר"...

און ווי זיי זאָגען דאָס ארויס, זיי גיבען זיך א דרעה
און נעמען יאָגען איינער נאָכ'ן צווייטען גלייך אהער
צום פינפער טורעם. איך נאָך זיי. און ווי איך לויף
דערזעה איך ערשט: זיי זענען פינף אין צאָל,
דריי מענער און צוויי פרויען. אָט האָב איך זיי אָנגעיאָגט
און איינעם אָנגעכאפּט מיט בײדע הענט, איך טו א קוק,
ערשט — דו,

מהר"ל

איך?

גולם

דו ביסט געווען אינגאַנצען נאַס, דערפראָרען,
די קליידער צוגעקלעפּט צום לייב, די באָרד צופלאָסען,
די הענט, ווי אָפּגענומענע, — געבאַמבעלט זיך אין אלע זייטען,
און דאָ, וואו ס'האָט באדארפט דיין פּנים זיין — צוויי גרויסע שניטען,
איין שניט פון שטערען ביז אראָפּ, דער צווייטער אין דער בּרייט,
און בײדע האָבען זיי געגליהט ווי רויטע פלאַמען,
געגליהט, פארלאָשען זיך, געוואָרען שווארץ...
דו ביסט געפאַלען אויף די קניה פאר מיר, גענומען וויינען:
— אָ ראטעווע מיך, יאָסעל, פון די שניטען,
איך טראָג זיי אויף מיין פּנים שוין פון טויזענד יאָרען,
זיי ווערען קיינמאָל ניט פארצוינגען מיט קיין הויט...

מהר"ל

וואָס ווייטער?

גולם

אלע איבעריגע, זעהענדיג
דו ליגסט און וויינסט — ארויפגעפאַלען זענען זיי אויף מיר,
געוואָרפען צו דער ערד, געשפּיגען מיר אין פּנים;
און איינער, מיט צעוואוּנדיגטע, צובייזטע פּיס,
ארויפגעטראָטען איז אויף מיר און אויסגעשריען: גולם!...
א שפּרונג האָב איך געטאָן פון אונטער זיי, און אָנגעכאפּט

דעם אויסשרייער פאַר ביידע הענט, אַרויפגעשליידערט אין
דער הויך,
געוואָלט אַ זעץ טאָן אים אַן ד׳ר׳ערד און — פאַרטיג,
ערשט, אונגעריכטערהייט, האָסטו מיט אַזאַ כעס
אַ שגיט געטאָן מיר מיט דיין שטעקען איבער קאָפּ און
אויסגעשטאַמעלט:
— צי ווייסטו וועמען דו ווילסט שלאָגען? גולם!..
אַ פינסטערניש האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך בין געפאַלען.
פאַר הענט און פיס האָט איר מיך זאַלבאַפינפט
גענומען טראָגען, שלעפּען, צוגעשלעפּט מיך צו אַ גרוב,
אַריינגעלייגט, און מיט די הויפענס איינער נאָכ׳ן צווייטען
געשאָטען ערד אויף מיר... אָט בין איך שוין פאַרשאָטען.
אַ האַלבער קאָפּ נאָך שטעקט אַרויס. דערהער איך מיט אַמאָל
ווי איינע פון די פרויען, דבורה׳ל — —

מהר״ל

ווער?

גולם

איך האָב דערקענט איהר קול. צעוויינט האָט זי זיך שטאַרק,
אַרויפגעפאַלען אויף מיין האַלבען קאָפּ, אַרומגעכאַפּט
מיט ביידע הענט, מיך צוגעדריקט צום האַרצען און געוויינט.
זי וויינט, און אַלע שיטען זיך די ערד און שיטען,
און דו, איך הער, זאָגסט ווידער מיט דעם זעלבען קול:
— צי ווייסטו וועמען דו באַוויינסט? אַזאַ באַוויינט מען ניט...

מהר״ל

גענוג. דו הערסט? איך בין אַליין דאָ. איך אַליין.
איך קום אין האַלבער נאַכט צו דיר, דו זעהסט.
איך ברייננ דיר רוה און פריידען. צוויי מעת לעת האָסטו
געשלאָפען נאָכאַנאַנד. ניט איינמאָל שוין בין איך
אַהער געקומען זעהן דיך, רופען עסען, טרינקען,
נאָר דו האָסט ניט געהערט.

גולם

איך בין נאָך אַלץ ניט הונגעריג.

און פריהער איז מיר קאַלט געווען, און איצט שוין נים,

ווייל דו ביסט דאָ.

מהר"ל

לייגט אַרויף זיינע הענט אויפ'ן גולמ'ס אַקסלען.

וועסט געהן מיט מיר. איך דאַרף דיך.

גולם

כ'בין גרייט שוין, רבי, רוף מיך.

מהר"ל

די האַלבע נאַכט דאַרף אונז באַגעגענען ניט דאָ,

נאָר אין דער טיפעניש פון פינפער טורעם, טיפער נאָך

פון אַלע גריבער, וואָס דו האָסט געזעהן אין חלום;

און הער דאָס וואָרט, וואָס איך וועל דיר אַנטפּלעקען,

פאַרנעם אים גוט, דערזעה זיין רויטקייט,

דערשפּיר זיין וואַרימקייט, זיין ציטער און זיין שאַרפקייט,

דאָס וואָרט הייסט — בלוט.

גולם

בלוט.

מהר"ל

האָסט גוט פאַרנומען? וועסטו גוט געדענקען?

זאָג איבער נאָכאַמאָל, נאָר העכער.

גולם

בלוט.

מהר"ל

און נאָכאַמאָל, נאָר שטילער.

גולם

בלוט.

מהר"ל

איצט גרייט זיך געהן מיט מיר.

גולם

כ׳בין גרייט שוין, רבי, רוף מיך.

מהר״ל

איך רוף דיך. קום.

*זיי געהען ביידע ארויס צו די ווייטערדיגע ארייגאנגען פון טורעם. תנחום שלייכט זיך דורך מיט אנגעצונדענע ליכט אין די הענט.*

תנחום

*פארגעהט זיך.*

רא־טע־וועט...
ווער וועט ראטעווען? ווער?
ווער קען ראטעווען? הא?
וו־ע־ר ק־ע־ן רא־טע־ווען? ור־ע־ר?...

---

אין די אונטערערדיגע הוילען פון פינפער־שלאָס, א פינסטערנישׂ אָנצוטאַפּען מיט די פינגער. ט א ד ע - א ו ש באַגלייט פונ'ם מאַנאַך באַוויייזען זיך פון דער טיפעניש פון הייל. דער מאַנאַך טראָגט אַ קליינעם פאַקעל. זיי אָטעמען ביידע אָפּ מיד פון לאַנגען קריכען אונ־טער'ן ערד.

טאַדעאוש

דיין האַנט אַהער. ניט וואַקעל זיך. ווען ניט די לופט
די שטיקענדיגע און די שטאַרקע פינסטערניש,
וואָלט לאַנג שוין אויסגעפירט געווען די שליחות,
וואָס גאָט און יעזוס אונזער קעניג האָבען אונז
געשיקט צו אויספירען. דו זעהסט, די הייל איז לאַנג,
פאַרלאָזען און פון קיינעם ניט באַטראָטען,
פונדעסטוועגען האָט אונזער האַרץ זיך ניט געשראָקען,
און אונזער האַנט האָט ניט געציטערט. גאָט אַליין
האָט אונז מיט גלייכע טריט געפירט צו זייער שול...

מאַנאַך

אָט פאַל איך, האַלט מיך, פאָטער.

טאַדעאוש

גלייך זיך אויס
און אָטעם אָפּ. די לופט איז לייכטער דאָ.

מאַנאַך

כ'האָב אַלץ געטאָן, וואָס דו האָסט מיר געהייסען,
און ניט געשראָקען זיך, געהאַלטען פעסט
דעם מעסער אין דער רעכטער האַנט, און מיט דער לינקער
צוגויפגעדריקט דאָס האַלז... קיין איין געשריי, קיין צאַפּעל...

די פלעשלאך האב איך גוט פארקארקעוועט, אוועקגעשטעלט...
נאך פיל איך אויף מיין האנט די ווארימקייט...
א, האלט מיך צו, מיך שווינדעלט ווידער.

טאדעאוש

האסט מורא? פייגלינג. זעהסט ניט, ווער עס פירט דיך?
דו זעהסט מיין גרויע באָרד, מיין עלטער־שטעקען,
די נעכט די ניט דערשלאפענע — אין מיינע אויגען?
פאר וועמען האב איך ניט דערשלאפען? מיר צוליב?
אויף וועמען שפיגעלט זיך דער שיין פון צלם —
אויף מיר אליין? צי מערער נאך אויף דיר?
און ווער האט מער געשארפט דעם מעסער, איך צי דו?
און ווער האט מער אריינגעזאפט די הייסע ווארימקייט,
כאטש איך בין פון דער זייט געשטאנען, איך צי דו?
געטאן האב איך ניט דו, און וואקלען זיך
האב איך באדארפט; ווייל דו האסט גארנישט ניט געטאן,—
א פיר נאר מיט'ן שארף געגעבן...

מאנאך

פארגיב מיר, פאטער.

קושט אים די הענט.

טאדעאוש

איך פארגיב דיר, איך בין גוט.

מענטש רוהיג קומען אין דיין צעל און שלאפען.
און איך בין מער ווי רוהיג, איך בין גליקליך.
ווייל, קוקענדיג ווי דו גיסט אן די פלעשלאך,
געזעהן האב איך אזוינע זעהונגען פאר מיינע אויגען,
וואס קיינער, אויסער א י ם , האט ניט געזעהן...
און ע ר , שוין הענגענדיג א צוגענעגעלטער צום קרייץ,
און זעהענדיג די זעלבע זעהונגען וואס איך,
האט אויפגעמאכט איין ווינקעל פון א ברעם
און שטיל מיט ליבשאפט צוגעשיקט א קוק אהער;
ווייל ד א ן נאך איז די הייל געווען שוין גרייט פאר דעם,

און אויך דער מעסער... גלאַנציק, שטראַלענדיק און שאַרף
אַ שיין געטאָן האָט פון דער הייל אויף א י ם דער מעסער.
אַ שיין געטאָן, אַ גלעט געטאָן זיין אויפגעמאַכטע ברעם,
און גלאַנציק, שטראַלענדיק האָט זיך זיין אויג פאַרמאַכט...
דו מיינסט: נקמה? ניין, נאָר איינע ליבשאַפט,
ווייל בלוט — איז ליבשאַפט, בלוט פון קינדער,
ווייל ע ר איז אויך געווען אַ קינד... און יעדער מעסער
פון דאַמאָלסט אָן געוואָרען איז געבענשט;
און קיינמאָל וועלען זיי, די קרייציגער, ניט קענען צונעמען,
אָוועקרויבען פון אונז די הייליגקייט פון מעסער;
ווייל קיינמאָל טאָר ניט אויפהערען צו גיסען זיך
די בלוט פון די, וואָס האָבען ניט געקענט דערזעהן
דעם שטילען שיין פון ז י י ן פאַרמאַכטער ברעם...

מאָנאַך

אַ, פאָטער, דאַכט זיך, אז מען געהט אַהער.

טאַדעאוש

דיר דוכט זיך אַלץ, דו פייגלינג איינער. ווער
וועט געהן אַהער? ווער ווייס דעם סוד פונ׳ם אַריינגאַנג?
איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, ניט האָב קיין מורא. —
עס הערען טריט זיך, יע, — דאָס זענען ז י י נ ע טריט.
אַ שטילער, אַ פאַרבענקטער שוועבט ער אום
און אָטעמט שטאַרק און טיף אין זיך דעם רויטען גרוך,
ער ווערט אַ לעבעדיגער ניט נאָר אויפ׳ן הימעל,
נאָר אויך מיט אונז אָט דאָ... אָט קומט ער. —
עס רויטלען זיך די בלייכע באַקען זיינע,
און פון די אויגען שטראָמט זיין ליבשאַפט-פרייד,
זיין קינדערישע באַרימהערציגקייט און צערטליכקייט;
ער טראָגט דעם קרייץ אויף זיינע אַקסלען, טאַנצט מיט אים,
ער זינגט מיט אים, ער לעבט מיט אים, ער שפּילט זיך...
אָט איז ער דאָ, דו זעהסט? הויב אויף די אויגען!

מאנאך

מיט שרעק, צלמ'ט זיך און פאלט צו דער ערד.

אַ, קום, כ'האָב מורא, מורא!

טאדעאוש

איצט זעהסטו שוין?

מאנאך

אַ, יעזוס בארימהערציגער, דערבארים זיך...

אַ, נעם מיך צו פון דאנען, פאטער הייליגער!

טאדעאוש

אוועק! אוועק פון מיינע אויגען!

איך היים דיר זעהן — און דו ביסט טויב און בלינד.

אוועק!

מאנאך לאזט זיך לויפען און טאדעאוש פאלגט אים נאך. פאר־שווינדען. עס קומען פון אַנ'אַנדער זייט מהר"ל און דער גולם, מהר"ל טראָגט אַ לאַמטערן, דער גולם — אַ האַק און אַ רי־דעל.

מהר"ל

בלייב שטעהן און קוק זיך צו. וואס זעהסטו?

גולם

איך זעה דאס גאנצע לענג פון הייל פון עק ביז עק.

צו רעכטס — אַ שמאָלער וועג, צו לינקס — אַ ברייטער,

אַ הונדערט טריט פון דאנען טיילט זיך אָפּ

אַ דריטער וועג קוים דורכצוזעהן דורך אים.

מהר"ל

וואו ענדיגען זיךביידע ערשטע וועגען?

גולם

דער שמאָלער פירט צום שול, דער ברייטער פירט צום כומר.

מהר"ל

העך גוט זיך צו און זאָג מיר וואס דו הערסט?

גולם

אַ לעצטען אָטעם הער איך שוין אַנ־אויסגעגאַנגענעם.

מהר״ל

וואָס שפּירסטו מיט׳ן נאָז?

גולם

ציטערט אויף.

דאָס וואָרט, דאָס וואָרט, וואָס דו האָסט מיר פאַרטרויט...!
אַ רויטס, אַ שאַרפס, אַ וואַרימס און אַ שטילס,
איך שפּיר עס און איך הער עס און איך זעה עס.

מהר״ל

נעם איין דיין ציטער, זאָג עס.

גולם

בלוט.

מהר״ל

פון וועלכער זייט?

גולם

פון רעכטס, פון שמאָלען וועג.

מהר״ל

קום געהן אַהין.

מיר דאַרפען איינער צו דעם צווייטען מער ניט ריידען.
צו זיך אַליין נאָר אַהן הפסקות זאָגען:
דורך טויט און בלוט און לעצטען אָטעם...
און טראָט נאָך טראָט, אויף הינטער ניט אַ קוק טאָן.
הייב אָן צו געהן און זאָג וואָס איך:
דורך טויט און בלוט און לעצטען אָטעם.

גולם

דורך טויט און בלוט און לעצטען אָטעם.

זיי נעמען געהן, ערשט עטיצער אַניאונזעהבאַרער גיט אַ שטויס
דעם מהר״ל אויף צוריק און פאַרצאַמט דעם וועג.

מהר״ל

דאַרפסט געהן אַליין. ניט גוטע פון דער הייל
זיי ווילען מיר דעם וועג פאַרשטעלען; געה אַליין,
ווייל דו ביסט ניט אין זייער שליטה.

נעם מיט די רידעל און די האק. קיין פייער דארפסטו ניט.
זוך אויס דעם גאנצען פלאץ פון אונטער׳ן שול,
און וואס דו וועסט געפינען, טראג עס איבער
צו ווע‍מען דאס באלאנגט. דיין שפאן איז גרויס,
דיין אויג איז ליכטיג...

גולם

דו לאזסט מיך איבער, רבי?

מהר״ל

האסט מורא? וואס?

גולם

א, ניין, נאר קום צוזאמען.
וועסט זעהן, זאל עמיץ נאכאמאל א פרוב טאן
פארשטעלען דיר דעם וועג!

מהר״ל

איך טאר ניט.
מיט טויזענד אויגען זוכט אנ׳אויסרייד די סכנה; —
איך היים דיר גערן אליין.

גולם

א, אלעמאל, ווי נאר
דו קומסט צו מיר, פארלאזטו מיך די רגע.
אין טורעם אויבען טעג און נעכט בין איך געלעגען,
געוואַרט אויף דיר זאלסט קומען זיין מיט מיר.
אין יעדען שארך, האב איך געמיינט, איך הער
אנ׳אנזאג אויף דיין אנקומען. דו האסט געהייסען,
איך זאל ניט ריידען גארנישט, ערגעץ ניט ארויסגעהן;
איך האב געשוויגען; נאר געהערט האב איך אין זיך
מיט יעדער רגע, וואס פארגעהט, אזוינע אויסגעשרייען,
אזוינע ווערטער אנדערע פון פריהעריגע, אז איך האב
דעם מויל געמוזט פארשטאפען ניט צו אויסשרייען;
די פיס האב איך געמוזט צוזאמענבינדען, אונטערבויגען,
זיי זאלען זיך אליין ניט אויפהויבען און נעמען לויפען, —

אזוי האָט מיך געצויגען געהן פון דאָרט, געטריבען...
און דו, ווי נאָר דו גיסט אַ קוק אויף מיר, רעדסט אויס
אַ פּאָר געצעהלטע ווערטער, גלייך פאַרקערסטו זיך
און לאָזט מיך ווייטער זיין אַליין... ניט געה אַוועק.
איך זעה די גאַנצע פינסטערניש ווי דורך אַ שיין,
איך זעה די היילען אין דער לענג און אין דער ברייט,
איך הער די שטיינער ריידען, רירען זיך, פון אַלע שפּאַלטען
די שאָטענס נעמען זיך באַוועגען, אומפּויזען ווי שלאַנגען,
עס נענטערט זיך אַ בילעריי, אַ וואָיען, אַ קריצען מיט די ציין...
איך האָב קיין מורא ניט, נאָר זיי מיט מיר; איך וויל
דיין נאָנטקייט, רבי, נאָר דיין נאָנטקייט.

מהר"ל

מיר געהען אויף די שפּורען איצט פון יענע וועגען,
וואָס הערשען איבער זיך אַליין... זיי זוכען אַלע מיטלען
פאַרדרעהען אונז די טריט, אַראָפּפירען, פאַרפירען.
זיי וועלען אָנרייצען אויף דיר נאָך מערער שרעקען;
נאָר דו, פאַרבלייבענדיג אַליין, וועסט מוזען דורכגעהן,
וועסט מוזען, ווייל דו ביסט ג ע ש י ק ט, געצוואונגען...
זיי וויסען, וואָס דו זאָלסט ניט זעהן און הערען,
איז ניט פאַר דיינע אויגען, דיינע אויערען;
דורך דאָס געזעהענע, געהערטע זעה און הער
דאָס אַנדערע, דאָס ווייטע, וואָס דו מ ו ז ט אַנטפּלעקען. —
פאַרבלייב אַליין.

גולם

אַ, נאָך איין רגע, רבי.

מהר"ל

מיט יעדער רגע ווערט אַלץ גרעסער די סכנה,
און דו — וואָס ביסטו אין איהר אָנגעזיכט, אַז דיר צוליב
זאָל זיך פאַרשפּעטיגען אפילו מיט אַ האַלבער רגע
די ישועה פון אַ גאַנצען פאָלק?...

גולם

שוין וויפיל מאָל,

ווען נאָר דו דאַרפסט מיך ערגעץ שיקען, דאַן ערשט קומסטו, דערוועקסט מיך פון מיין שלעפעריגקייט, פון מיין שטילקייט, פאַרוואַנדעלסט מיך אין גאָר אַן׳אַנדערען. דו מיינסט, איך וויים ניט?

מהר״ל

דיין גאַנצער לעבען איז נאָר איין דערוואַרטונג
אויף יענע רגע׳ס ווען דו ווערסט מיר נויטיג;
אַט האָסטו זיך דערוואַרט און פילסט אַליין ניט
ווי גרויס עס ווערט דער זין פון יעדען טאָג דיינעם,
וואָס האָט געהאַט די זכיה אויף דעם אַלץ צו וואַרטען...
דאָס צופעליגע פון דיין לעבען געהט אַוועק פון דיר,
דיין איבעריגקייט; טאַט און גבורה רופען דיך,
דיין לעבען ווערט באַוויליגט; זעה, עס שפּרייט אויף דיר
איהן שוץ פון איהרע פליגלען די השגחה.

מהר״ל פאַרלאָזט אים. פינסטער. ביסלעכווייז הויבט אָן אַ שטילע ליכטיגקייט אַרומצורינגלען דעם גולם. זיינע אויגען ווערען ברייט און גלאַנציג, זיין פּנים — שאַרף, זיין גאַנצער קערפּער — בויגיג, טיגריש, גרייט צום שפּרונג.

גולם

די ווייטקייט און די טיפעניש — איין שפּאַן,
איין שפּרונג, איין בליק, איין פלאַטער
דורך בלוט און טויט און לעצטען אָטעם.

ער וויל מאַכען אַ שפּרונג, ערשט עס ווערט אַ גרויס גערודער איבער׳ן הויל. פון ערגעץ האָבען זיך אַרויסגעריסען ווינטען און צולאָזט זיך מיט אַ פייפעריי. פון אויבען און פון אונטען נעמט האָגלען מיט שטיינער. זיי פאַלען איבער דעם גולם׳ס קאָפּ, ער שלײדערט אַרונטער דעם באַרג פון זיך און טרעט אָפּ אויף צוריק. ווי ער טרעט אָפּ ווערט דער שטורם

איינגעשטילט. ער װאַרט עטליכע רגע׳ס און טוט װידער אַ שפּאַן פאַראױס.

גולם

מיט אַ װילדען אױסרוף.

דורך בלוט און טױט און לעצטען אָטעם.

עס הױבט זיך אױף אַ מורא׳דיגע בילעריי, אַ טומעריי פון הינטישע פיס. די גאַנצע הײל יאָמערט און רײסט זיך. דער גולם װאַרפט אין אַלע זײטען מיט דער האַק. דאָס בילעריי װערט שטיל. עס רײסען זיך אַרױס פון ערגעץ פלאַמען און װאָלקענס רױך, קנױלען זיך און װיקלען אים אַרום, זײנע קלײדער הױבען אָן צו ברענען. ער ראַנגעלט זיך װי אַ װאַנזיניגער, אַרױסלאָזענדיג פאַרשטיקטע קולות. ער פאַלט צו דער ערד. די פלאַמען פאַרשװינדען. ער ליגט און אָטעמט שװער. ער שפּרינגט אױף אַ צורײצטער. זײנע קלײדער זענען פאַרברענט, נאָר ער אַלײן — ניט גערירט.

גולם

װאו ביסטו, רבי, װאו ביסטו? קום אהער!

ער זעצט זיך אַרונטער אױף די קנית. אין דעם שײן אַרום אים הױבען אָן צו באַװעגען זיך אַלערלײ שאָטענס, הײל־רוחות, טאַנצען און דרעהען זיך, פלעכטען זיך איבער זײן קאָפּ.

גולם

װאו ביסטו? קום און זעה, װי אַלץ האָט זיך
מיט צאָרן אױפגעװעקט אַנקעגען מיר;
דער פײער איז שױן אױסגעלאָשען און דער שטורם
איז אײנגעשטילט; איצט הױבען אָן אַרױסצוקריכען
פון זײערע באַהעלטענישען ש ט י ל ע שרעקען,
זײ פלעכטען זיך, זײ דרעהען זיך און האַלזען זיך,
און רינגלען מיך אַרום אין זײער מיטען;
זײ שטעכען דורך דעם קוק פון מײנע אױגען
מיט בלענדעניש, מיט צװײיענדיגע פײערען.

און מיינע אויערען מיט צווייענדיגע קלאַנגען,
די גאַנצע חייל איז אויך געוואָרען צווייענדיג;
עס טונקעלט זיך דער שיין ארום מיין קאָפּ...

ער וויל נעמען געהן און ווייס ניט וואו אַ טראָט צו טאָן.
ער דרעהט זיך אַרום אויף איין אָרט, און אַרום אים אַ
שווינדעלדיגער קאַרעהאָד פון רוחות.

הייל־רוחות

רונד ארום,
רונד ארום.
ווער איז דער וואָס אין דער מיט?
ווער באַצייכענט זיינע טריט?
ווער באַשיצט אים און באַהיט?
— קיינער ניט,
קיינער ניט...

ער איז ניט אין אונזער מאַכט;
אין דער ערב־פסח־נאַכט
ווער האָט אים אַהער געבראַכט
אין דער מיט,
אין דער מיט?

רונד ארום.
רונד ארום,
ער אַליין האָט אונז דערוועקט,
פון דער שוואַרצקייט אויפגעדעקט;
ווער איז דער, וואָס האָט געמעגט? —
— קיינער ניט,
קיינער ניט.

וויגט זיך, פלעכט זיך אין דער קייט,
זינגט דאָס ליד פון אַנגסט און טויט,
דרעהט אים, דרעהט אים און פאַרדרעהט

אין דער מיט,
אין דער מיט.

גולם

שטעהט א צוגעשמידטער.

דער פייער האט מיך ניט געברענט,
די שטיינער — ניט דערשלאגען;
צוריים זיך, דרעהענדיגע ראד,
צוברעך זיך, צווייענדיגער טאנץ,
איך בין געשיקט צו געהן
און ניט צו שטעהן אין מיטען.

הייל־רוחות

שלענגעלט זיך אין צווייען,
פלעכט זיך דרעה אין דרעה,
ביז איר וועט פארדרעהען,
ביז איר וועט דערהיטען
דעם, וואס שטעהט אין מיטען,
נעמט אליין זיך דרעהען,
טיילען זיך אין צוויי...

ער איז א פארבליקטער, —
כאפט אים און דערשטיקט,
זאל ער א דערשטיקטער
פאלען דא אין מיטען,
העלפט אויף העלפט צושניטען; —
ער איז א געשיקטער,
ווער האט אים געשיקט?

האסט א האק גענומען —
שפאלט דיין קאפ און שוין,
איידער ס'איז געקומען
דער, וואס האט געהייסען
דיך אהער פארשטויסען,

און די האַק פאַרנומען
אין זיין האַנט אַליין...

מאַכט אַ וועג, מיר הערן
נאָנט שוין זיינע טריט;
בלייבע שיינען ווערן
בלוטיק־רויט געצונדען
אין אַ זייל אַ רונדען, —
זאָל זיי אויך דערהערן
דער, וואָס אין דער מיט.

שלענגלען זיך צו צווייען
און צורייסט די קיים,
שטעלט זיך אויס אין רייען
שטום און טויט־געשלאָסען
בלוטיק־רויט באַגאָסען, —
זאָל אַליין זיך דרעהען
דער, וואָס איז שוין טויט...

דער טאַנץ פון די רוחות שליסט זיך אויף. די חייל ווערט באַגאָסען מיט אַ רויט־בלוטיגען שיין. שטיל. גולם טוט אַ פאַל צו דער ערד אין טויט־שרעק פון דעם, וואָס זיינע אויגען דערזעהען מיט אַמאָל: פון דער אַנקעגענדיגער זייט, וואו ער האָט באַדאַרפט זיך לאָזען שפּאַנען, קומט אַרויס אַ געשטאַלט, וואָס איז עהנליך דורכאויס צום מהר״ל. דער פּנים — מורא'דיג קאַלט, ביז ביז רציחה, די אויגען — שטעכיג, דער מויל — צונויפגעפּרעסט. ער געהט מיט איינגעהאַלטענע שטייפע טריט אַ באַגאָסענער מיט רויטען שיין. מיט יעדען טראָט, וואָס ער מאַכט, גיט ער אַ קלאַפּ דעם שטעקען אָן באָדען, און יעדער קלאַפּ הילכט אָפּ פון אַלע זייטען.

געשטאַלט

האָסט פריהער מיך גערופען — ניין?

גולם

חויבט אויף דעם קאפ.

ווער ביסטו?

געשטאלט

ווער בין איך? קענסט מיך שוין ניט, קענסט מיך ניט?

גולם

א, ניין, א,ניין. דו ביסט ניט רבי.

דו ביסט אנ'אנדערער, ניט ער.

געשטאלט

ניט ער?

לאכט בייז.

א חוצפה! האסט געהערט! צי ווייסטו ניט,

אין וועמענס הענט דו ביסט? אין מיינע הענט —

צו וואס האסטו גערופען מיך? איך פרעג דאך.

גולם

א, נעה אוועק פון מיר, אוועק, כ'האב מורא.

דו ביסט אנ'אנדערער, ניט רבי —

געשטאלט

רעדסט ווידער חוצפה'דיג. פרוב נאכאמאל

מיט מיר אזוי צו ריידען, — זעהסט דעם שטעקען.

גולם

א, האב רחמנות.

געשטאלט

איך בין רבי.

גולם

האב רחמנות.

וואס ווילסטו טאן מיט מיר? עס האט מיך עמיצער

פארפירט אהער. דער רבי... דו...

געשטאלט

וואס ארט עס מיך? איך וועל פון דאנען שוין

דיך קיינמאָל ניט אַרויסלאָזען. וועסט אייביג דאָ
פאַרבלייבען, אייביג.

גולם

וויל נעמען לויפען ערגעץ, דאָס געשטאַלט פאַרשטעלט דעם
וועג.

געשטאַלט

לויף ניט. שטעה, פאַרפאַלען.
פון דאַנען געהט מען ניט אַרויס צוריק.

גולם

איך וויל ניט. הערסט — איך וויל ניט. לאָז מיך.

געשטאַלט

נעם איין דיין חוצפה, זעהסט דעם שטעקען?
אַט שטעך איך דורך מיט אים די אויגען דיינע,
אַט נעם איך דיינע האָר און פליק זיי אויס,
און קלאַפּ דיר אַלע ציין אַרויס פון מויל,
פאַר יעדען וואָרט אַ צאָן.

גולם

אַוועק פון מיר, אַוועק.

וואַרפט זיך מיט די פויסטען און שפּרינגט אָפּ צוריק.

געשטאַלט

דו הויבסט דיין פויסט אויף מיר, אויף מיר — דיין רבי'ן,
העי, קומט אהער, אהער, איר אַלע,
רייסט אויס זיין צונג, ער זאָל ניט קענען ריידען,
צוהאַקט אים זיינע פיס, ער זאָל ניט קענען לויפען;
אַנידער צו דער ערד, צובייסט זיין לייב,
דעם נאַרנעל שניידט אים איבער!...

גולם

וועמען רופסטו?

נים רוף, נים רוף.

געשטאַלט

זיי שטום! איצט זעהסטו שוין,

אַז איך בין רבי.

גולם

יע, איך זעה.

געשטאַלט

איצט ווייסטו שוין

אַז איך האָב דיך געבראַכט אַהערצו —

גולם

דו, דו.

געשטאַלט

טאָ הער און שווייג. איך בין דיין האַר, איך קען
טאָן אַלץ מיט דיר, וואָס נאָר מיין האַרץ פאַרגלוסט;
איך טו דיר גאָרנישט, ווייל איך שפּיל זיך נאָר מיט דיר,
מיט דיר און מיט דיין שרעק און מיט דיין טרויער;
און ווייטער דאַרף איך דיך אויף גאָר נישט...
וואָס קוקסטו, גולם דו, שטיק פלייש, פאַרטעמפּטער מח?
פאַרמאַך די אויסגעגלאָצטע אויגען דיינע,
פאַל צו צום ערד און ליג. פאַל צו און ליג!...

גולם לאָזט זיך אַרונטער צו דער ערד.

אַזוי. דער קאָפּ אַרונטער. נידעריגער, נידעריגער,
דאָס פּנים צו דער ערד נאָך טיפער, טיפער;
אין דרייען דרעה זיך אויף און זיץ
דורך טאָג און נאכט, דורך טאָג און נאכט!...

גולם רוקט אַריין דעם קאָפּ צווישען די קניה. דאָס געשטאַלט פאַרשווינדט. די הויל־רוחות קריכען אַרויס, ציהען זיך אין רייהען, טראָגען זיך לייכט, קוים אָנרירענדיג דעם באָדען.

הויל־רוחות

לעשט דעם פלאַם
מיט שטורם־ווינט;
אויף דעם שטורם
רייַצט די הינט.

שלײדערט שטײנער
אויף די הינט,
און די שטײנער
װאַרפט דעם קינד,

אין אַ זעקעל
ליגט דאָס קינד, —
נעמט דעם זעקעל
און צובינדט.

קוקט אין זעקעל
טיף אַרײן,
דאָרטען ליגען
פלאַשען װײן.

לאָמיר טרינקען
פלאַש נאָך פלאַש
נאָך דעם אײנגעשטילטען
רעש.

ער װעט שױן
זיך װיגען דאָ
אין זײן אומזין
שעה נאָך שעה...

פּאַ. גולם זיצט אַלײן. הױבט אױף דעם קאָפּ און קוקט זיך
אַרום.

גולם

װאו בין איך? װאָס איז דאָ געשעהן?
װי קום איך אין דער טיפעניש אהער?
מיט װעמען האָב איך זיך געדרעהט אין טאַנץ?
איך דאַרף דאָך ערגעץ געהן — װאוהין? צו װאָס?
פאַר װאָס איז אַזױ שטיל געװאָרען מיט אַמאָל?
און װאָס איז דאָס? אַ האַק? אַ רידעל?

וואו בין איך? ווער האט מיך געבראכט אהער?

לאזט ארויס א משונה'דיגען קלאנג, פארגעהט זיך אין אים.

איך שריי און קיינער ענטפערט ניט. ניט שרייען?
אנידערלייגען זיך און ליגען און ניט רופען מער?
א, עפעס האט געבלאנקט פאר מיינע אויגען...

ער טוליעט זיך צו דער ערד און בלייבט ליגען. איבער אים אנטפלעקט זיך דער אינו נראה, נעמט אים אן פאר די אקסלען און טרייסעלט אים.

אינו נראה

דערזעה מיך. איינמאל און פאר אלע מאל
דערזעה מיך.

גולם

שפרינגט אויף מיט אויסגעשטארטע אויגען.

אינו נראה

לויף ניט. וואו דו זאלסט ניט געהן,
וועל איך דיר נאכגעהן. קוק אויף מיר און פרעה זיך,
דער פריהעריגער שרעק האט דיך צוטומעלט,
דער טאנץ האט דיך פארדרעהט; איך האב עס צוגעזעהן,
און איצט דערזעה אויך דו.

גולם

ווער ביסטו? זאג — — — —

ווי קען עס זיין?

אינו נראה

ניט פרעג. דערזעה, און ווייטער נארנישט.

גולם

דיין פנים שיינט ווי מיינער פריהער,
און מיר איז פינסטער איצט.

אינו נראה

עס האט געמוזט געשעהן, דו זאלסט כאטש איינמאל
אויף זיך אליין א קוק טאן. איינמאל און מער קיינמאל.

גולם

וואָס טו איך דאָ? איך ווייס ניט. אפשר ווייסטו?

אינו נראה

דו ביסט געקומען זעהן דעם טאַנץ פון אונזין,
דו האָסט געזעהן דעם אָנפאַנג ערשט ניט לאַנג,
און איך וועל דיר אַנטפּלעקען אויך דעם סוף,
דעם גאַנצען אונזין... האלסט אין האַנט אַ האַק, אַ רידעל,
דו דאַרפסט זיי ניט... די פלאַשען שטעהען אָנגעגרייט.
שטרעק אויס די האַנט און וויטער גאָרניִשט.

גולם

אָ, יע איך ווייס שוין. איך דערמאָן מיך.

אינו נראה

צו וואָס דערמאָנען זיך?
וואָס אַרט דיר, אַז דו האָסט פאַרגעסען? ס'איז אַלץ איינס.
דו וועסט דיין שליחות אָפּטאָן סיי ווי סיי;
ווייל וואָס זאָל אַנדערש אַ שליח טאָן, אויב ניט
זיין שליחות? פריהער, שפּעטער, דאָ צי דאָרטען —
אַלץ איינס, און אָפּגעטאָן — געענדיגט. אַלץ געענדיגט...
פאַר עמיצען, קען זיין, אַז דו פאַרשפּעטיגסט; אָבער דו,
פאַר זיך אַליין, וואָס קענסטו דאָ פאַרשפּעטיגען?...
שטרעק אויס די האַנט פון דאַנען, נאָר די האַנט,
עס לוינט זיך ניט קיין טראָט אפילו געבען...

גולם

פון דאַנען?

אינו נראה

יע, פון דאַנען. וואָס איז וויטקייט? גאָר נישט.
פאַרבאָרגענישען זעהען זיך פון אויבען אויף
פון אייביג אָן, און אַלע וועגען זענען נאָר איין טראָט,
און שטערונגען — דאָס זענען נאָר אַ שפּיל פון די,
וואָס ווילען אויף איין רגע כאָטש זיך אָפּקערען פון אונזין.
און וואָס איז בלוט און טויט און לעצטער אָטעם?...

גולם

אַ, איצט דערמאָן איך זיך אײנגאַנצען שוין.

אינו נראה

אײנגאַנצען שוין?

און וואָס איז דו אַלײן? און איך וואָס איז ווי דו?
ניט בלוט, ניט טויט, ניט לעצטער אָטעם.
פאַרשטעהסט, אפילו לעצטער אָטעם ניט... שטרעק אויס אַ האַנט,
און אויב עס ליגט באַהאַלטען עפּעס וואו, וועט עס אַלײן
זיך אויפהויבען, זיך צוקלעפּען צו דײנע פינגער;
ווײל דאָס, וואָס איז פאַרבאָרגען אין דער טיף פון הייל,
האָט לאַנג זיך שוין פון זיך אַלײן אַנטפּלעקט פאַר אַלע אויגען...
אָט ליגט עס, בויג זיך אײן און נעם עס. זעהסט?

גולם

גיט אַ קוק אַרונטער און דערזעהט: לעבן זײנע פיס ליגט
אַ פאַרבונדען זעקעל.

פאַר וואָס האָב איך עס פריהער ניט געזעהן?

אינו נראה

האָסט זיך אַלײן אויך פריהער ניט געזעהן.

גולם

איך זאָל עס אויפהויבען?

אינו נראה

צו וואָס? זאָל ליגען.

גולם

דו שפּאָסט פון מיר. זעהסט אויס ווי איך און שפּאָסט פון מיר.

אינו נראה

דו ווילסט איך זאָל אַוועקגעהן?

גולם

יע, כ'האָב מורא.

עס הויבט זיך ווידער אָן די הייל צו דרעהען.
אַ, נײן, פאַרבלייב.

איני גראה

צוביגד דעם זאק און ראן

פארלאז איך דיך.

גולם בינדט אויף דעם זאק, נעמט ארויס צוויי פלאשען אנ־
געפילט מיט רויטער פליסיגקייט.

איני גראה

איצט זעהסטו?

גולם

שרייט אויס.

בלוט! בלוט!

איני גראה

צו וואס נאך שרייען? שטעל אוועק, זאל שטעהן...

פארשווינדט מיט אמאל. די הייל ווערט באגאסען מיט א געלב־
ליך־וועקסענע ליכטיגקייט. דער באדען פון הייל עפענט זיך
אויף און עס הויבען זיך ארויס די אונטערערדיגע,
זיי האלטען אין זייערע דארע אויסגעצויגענע הענט אנגעצונ־
דענע גרויסע ליכט. זייערע קליידער, פון לאנגען קבר־שלאף,
זענען צופוילט און פאנאנדערגעפאלען. זיי געהען א שטילען
קארעהאד ארום די פלאשען, קוים וואס זיי רירען זיך. די
הענט מיט די ליכט אויסגעשטרעקט פאראויס. דער גולם
טוליעט זיך צו א וואנט, קוקט מיט געשפאנטקייט אויף אלץ,
וואס ער זעהט.

ערשטער אונטערערדיגער

מיט אנ׳אויסגעלייטערט קול
זינגען מיר צום ערשטען מאל.

אויפגעשטאנענע פון שלאף
צו דערנענטערען דעם סוף.

אויפגעלויכטענע אין פרייד
אין דעם אנגעזיכט פון טויט.

אַלע איבעריגע

וואַרטען לאַנג די ליכט געגרייטע
אויף די אויפגעוועקטע טויטע,
ביז זיי ווערען אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ניט מיר וויינען, ניט מיר קלאָגען,
נאָר מיר טראָגען, טראָגען, טראָגען
ליכט, וואָס ווערען אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

אַז מיר זינגען אָפּ די לידער
פאַלען מיר צוריק אַנידער
מיט די ליכט, אויב ניט דערברענט,
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ערשטער

צעהלט די טריט און ניט פאַרצעהלט,
ווייל דאָס אָרט איז אויסדערוועהלט.
זיבען מאָל ארומגעדרעהט
מיט דעם זינגעל־שנור פון טויט.
וועלען קומען באַלד אַהער, —
ווייסט איר דאָך מסתמא ווער.

אַלע

יע, מיר ווייסען ווער דאַרף קומען,
האָבען מיר דערפאַר גענומען
ליכט, וואָס ווערען אויסגעברענט
אין די אויפגעשטרעקטע הענט.

אַז מיר וועלען זיי דערהערען —
זאָלען ליכט פאַרלאָשען ווערען,
זאָלען ווערען אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ווייל מיר ווילען גאר נישט זאגען,
נאר מיר טראגען, טראגען, טראגען
ליכט, וואס ווערען אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ערשטער

גוינט צום לעצטען מאל דעם קאפ
צו דעם גרענעץ־שנור אראפ.

קערט זיך אום צו אייער שלאף,
ווייל עס נעענטערט זיך דער סוף.

אלע

יע, מיר האלטען שוין ביי זיבען,
און אונז זענען נאך פארבליבען
ליכט איינגאנצען ניט דערברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ערשטער

א, איך הער שוין פון דער נאנט
זייער נאמען ווערט דערמאנט.

זייער נאמען געהט פארביי,
ווייל זיי זענען איינס אין דריי.

איינער הערט שוין דא פון לאנג
אונזער לויכטענדען געזאנג.

אט דא שטעהט ער, קוקט זיך צו, —
ווייס ניט וואס און ווייס ניט וואו...

זעהט, זיין קלייד פארברענט אויף קויל,
נאר א פרעמדער דא אין הייל.

אלע

זאל דער פרעמדער שטעהן און קוקען
ווי עס צוקען, צוקען, צוקען

ליכט, וואָס ווערן אויסגעברענט
אין די אויסגשטרעקטע הענט.

ווייל מיר שווערן מיט זיין שאַרבען:
ער וועט שטאַרבען, שטאַרבען, שטאַרבען... —
ליכט, פאַרלעשט זיך ניט דערברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

פאַרלעשען די ליכט און זינקען איין צוריק, פון וואַנען זיי זענען אַרויס.

גולם
אַז איך בלייב שוין אייביג דאָ,
וועל איך זיצען אין דער מיט
פון דעם אוסדערוועהלטען אָרט
אין די אויסגעצעהלטע טריט.

קיינע ריחות הער איך מער,
נאָר איין איינעם — פון די ליכט;
ליגט דער טויט אויף מיינע הענט,
און די הענט — אויף מיין געזיכט.

זעצט זיך אין דעם אָנגעצייכענטען רינג. אַן'אונזעהבאַרע האַנט שטויסט אַריין אין הייל דעם יונגען בעטלער אַ צוגעשמידטען צו אַ לאַנגער קייט. דער שטויס איז אַזוי גרויס, אַז דער בעטלער פאַלט צו דער ערד. ער ליגט אַ ווײַלע און שטעלט זיך אויף.

יונגער בעטלער
ענדליך בין איך דאָ,
ענדליך בין איך פריי,
אין דער לעצטער שעה
איינער פון די דריי.

פלאַנטער מיינע פיס,
רינגעלדינגע קייט,

יעדער וואונדערן־ריס
נעגנטערט מיך צום טויט.

ווייל איך קום אריין
ניט ארויסצוגעהן,
אין דעם לעצטען פיין
טרייסטען זיך אליין.

וועהטאג פון מיין לייב,
גראב זיך איין אין שטיין;
איך פארבלייב, פארבלייב
טרייסטען זיך אליין.

טאפט אין דער פינסטערניש.

וואו זענט איר? רופט זיך אפ,
מיר דארפען זיין דא דרייען, דרייען,
דרייען,
דערנענטערען זיך קאפ צו קאפ,
די פריינדשאפט צו באנייען.

די וועלט — באזונדער, מיר — באזונדער,
קיינער ניט אין מיטען,
דער אונזין פון די לעצטע, לעצטע, לעצטע
וואונדער
וועט אליין אונז היטען.

וואו ביסטו, הער מיין קול,
גענענגעלטער צום צלם;
מיר מאכען פרידען, פרידען, פרידען
היינט אויף אלע מאל, —
און דו וואו ביסטו, גולם?...

ער שלאגט זיך אפ אן גולם.

גולם

אוועק פון מיר, איך זיץ אין מיטען,

ווייל איך בלייב אויף אייביג דאָ.

יונגער בעטלער

נעם מיך אויך צו זיך אין מיטען,

איך בלייב אויך אויף אייביג דאָ.

גולם

זעץ זיך, גו. און וואו איז דער

דער וואָס דאַרף דער דריטער זיין.

יונגער בעטלער

באַלד וועט אָנקומען אויך דער

ווער עס דאַרף דער דריטער זיין.

גולם

רעדסטו איבער מיינע רייד,

ווי איך זאָג זיי וואָרט נאָך וואָרט.

יונגער בעטלער

דיינע רייד איז מיינע רייד,

זאָג איך איבער וואָרט נאָך וואָרט.

גולם

וויקעלסט אַלץ נאָך דיינע וואונדען?

יונגער בעטלער

יע, איך בינד נאָך אַלץ די וואונדען.

גולם

פוי, אַ פוילקייט טראָגט פון דיר.

יונגער בעטלער

יע, אַ פוילקייט טראָגט פון מיר.

גולם

שרייט.

שטילער.

ביידע זיצען און שווייגען.

יונגער בעטלער

כ'האָב מיין גומען דעם פּאַרדאַרטען
נים באַנעצט שוין צוויי מעת לעת.

גולם

טרינק, אָט וואַרטען
אָנגעפולטע פלאַשען צוויי.

יונגער בעטלער

כאַפּט אַ פלאַש, עפענט אויף, וויל טרינקען און שרייט אויס דערשראַקען.

בלוט!

גולם

צו וואָס נאָך דער געשריי?
שטעל אַוועק צוריק, זאָל שטעהן...

אַנ'אונזעהבאַרע האַנט שטויסט אַריין דעם מאַן מיט'ן גרויסען קרייץ אויף די אַקסלען. ער בויגט זיך אונטער'ן לאַסט פונ'ם קרייץ.

דער מאַן מיט'ן קרייץ

ענדליך בין איך דאָ.
ענדליך בין איך פריי.
אין מיין לעצטער שעה
איינער פון די דריי.

דריק מיך, קרייץ, צום ערד,
ווי פון אייביג אָן;
איך האָב שוין געהערט,
וואָס איך דאַרף דאָ טאָן.

טאַפּען אָן די ווענט
אויסגעלייזט צו זיין,
וואַרטען אויף דער ענד
אינ'ם לעצטען פיין.

נעגעל פון די הענט,
דאָרן פון מיין קאָפּ,
קריצט זיך אין די ווענט
ביז איר קריצט זיך אָפּ...

טאַפּט אין דער פינסטער און רופט.

וואו זענט איר, רופט זיך אָפּ;
איך בין אליין, אליין, אליין, —
פארשטויסען.
ניט ווארף פון זיך דעם קרייץ אראָפּ —
מיין האר האָט מיר געהייסען.

נעבענשט זאָל זיין זיין מויל דערפאר,
איך קען נאָר בענשען, בענשען, בענשען
און פארגעבען;
מיין קנעכט געוואָרען איז מיין האר,
מיין קעניגרייך דאַנעבען.

שלאָגט זיך אָפּ אָן די זיצענדיגע צוויי.

גולם

שטעה. מיר זיצען דאָ אין מיטען,
ווייל מיר בלייבען אייביג דאָ.

דער מאַן מיט'ן קרייץ

נעמט מיך אויך אריין אין מיטען,
איך בלייב אויך אויף אייביג דאָ.

גולם

זעץ זיך, נו. מיר זעענן דריי,
זענען מיר שוין אלע דאָ.

יונגער בעטלער

זענען מיר שוין אלע דאָ.

דער מאַן מיט'ן קרייץ

אז מיר זענען דאָ אין דרייען
זענען מיר שוין אלע דאָ.

גולם

רעדסטו אויך אזוי ווי ער,

זאָגסט מיר איבער וואָרט נאָך וואָרט.

דער מאַן מיט'ן קרייץ

דיינע רייד איז מיינע רייד,

זאָג איך איבער וואָרט נאָך וואָרט.

גולם

טראָגסט נאָך אַלץ אויף זיך דעם קרייץ?

דער מאַן מיט'ן קרייץ

יע, איך טראָג נאָך אַלץ דעם קרייץ.

גולם

פוי, אַ טויטקייט טראָגט פון דיר.

דער מאַן מיט'ן קרייץ

יע, אַ טויטקייט טראָגט פון מיר.

גולם

שטילער, זיץ און שוויַיג.

דער מאַן מיט'ן קרייץ

דורשטיג בין איך.

גולם

טרינק, אָט שטעהען

אָנגעפילטע פלאַשען צוויי.

דער מאַן מיט'ן קרייץ

נעמט צום מויל און שרייט אויס.

בלוט!

גולם

וואָס שרייסטו? קענסט ניט טרינקען?

שטעל אוועק, זאָל שטעהן.

די הייל־רוחות קומען און דרעהען זיך אַרום זיי אין אַ באַגיי־
טען טאַנץ.

הייל־רוחות

נאָך אַמאָל

און נאָך אַמאָל.
זענען אַלע דריי שוין דאָ,
אויפנעמען די לעצטע שעה,
אויסער זיי איז מער גיטאָ
קיינער ניט
קיינער ניט.

ליגט דער צלם אויף דער האַק,
און די קייטען אויפ'ן זאַק;
נענטער, נענטער, באַק צו באַק,
אין דער מיט,
אין דער מיט.

רונד אַרום,
רונד אַרום.
גאָכאַמאָל און נאָך און נאָך.
מיר פאַרטאַנצען אייער בראָך;
ווער מיר זענען, ווייסט איר דאָך, —
קיינער ניט,
קיינער ניט.

זענען גוט באַוואַכט, באַהיט
אייערע געטויטע טריט,
זיצט געהאַלזטע זאַלבאַדריט
אין דער מיט,
אין דער מיט.

זייער טאַנץ ווערט שווינדלעקדיגער און שווינדלענדיגער.

אַ, דערלייזער, איר דערלייזער,
זייט דערלייזט!
הערט, מיר זענען אויף אייך גוזר
מיט אַ האַנט ניט צו פאַרברעכען,
זיך אַנ'אויג ניט אויסצושטעכען
פון גרויס טרייסט.

ענדליך זיך אהער דערשלאגען,
ענדליך רוהט;
אייער יאך האט איר דערטראגען,
און וואס קענט איר מער נאך ברענגען? —
זיצט און קוקט, ווי מיר פארהענגען,
מיר צוגיסען, מיר צוטראגען
טויטע בלוט.

אייער קעניגרייך פון דאנען
איז געקרוינט;
מיר, ווי טרייע אונטערטאנען,
רינגלען אייך ארום אין מיטען
און פארוויילען אייך און היטען
ניט באלוינט.

נעמט, באזאלבט די קעפ, דערלייזטע,
זיך אליין.
בוקט זיך צו דער ערד, געגרויסטע,
דריקט ביז אהנמאכט זיך די שלייפען,
ביז א פייער וועט פארלויפען
אייער קרוין...

הייל־רוחות אפ. עס קומען ארויף די א ו נ ט ע ר ־ ע ר ד י ג ע מיט די ניט דערברענטע ליכט אין די הענט, געהען ארום די דריי א קארעהאד מיט דער זעלבער שטילקייט וואס פריהער.

ערשטער

מיט אנ׳אויסגעלייטערט קול
זינגען מיר צום לעצטען מאל.

אויפגעשטאנענע פון שלאף
צו דערנענטערען דעם סוף.

זעהט, זיי זיצען זאַלבעדריט,
רירען זיך ניט, ריידען ניט.

ווער זיי זענען, ווייסט איר דאָך —
זינגט דאָס ליד פון זייער בראָך.

## אַלע

מער ניטאָ שוין וואָס צו זינגען.
ליגט דער קרייץ — נאָר ניט צום טראָגען,
ליגט די קייט — נאָר ניט צום קלינגען,
ליגט די האַק — נאָר ניט צום שלאָגען.

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

מיר פאַרשליסען קיינעמס ברעמען, —
סיי ווי ווערען זיי פאַרשלאָסען;
קיינעמס טרערען מיר פאַרנעמען, —
סיי ווי ווערען זיי פאַרגאָסען.

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

אונזער פוס אויף קיינעמס ווענען,
ניט מיר וועקען, ניט מיר טויטען;
נעהט אונז קיינער ניט אַנקענען,
און אויך קיינער ניט באַגלייטען. —

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

האָבען מיר ניט וואָס צו יאָגען,
דרעהען זיך ווי שטיל מיר קענען,
און מיר טראָגען, טראָגען, טראָגען
ליכט, וואָס קענען שוין ניט ברענען. —

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

## ערשטער

קיין געשריי און קיין געוויין, —
זיצען ווי געהאַקט פון שטיין.

טויטע ווערים פויזען אום
אין דער הארץ פון זייער רוהם.

ניט דערפרעהט און נאָר גענאַרט
דעם, וואָס האָט אויף זיי געוואַרט.

ניט באַלוינט און נאָר באַשטראָפט
דעם, וואָס האָט אויף זיי געהאָפט.

נאָר אַנ׳אויסרייד, נאָר אַ שפּאַס
פאַר דעם לעצטען נאָר פון גאַס.

## אלע

אז זיי זיצען שטום געזונקען
פלאָנטען זיך ביי אונז די צינגער,
ערגעץ וואָלטען מיר געוואונקען —
גליווערען ביי אונז די פינגער.

זינגען מיר דאָס ליד פון אונזין.

אלע, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען,
האָט שוין לאַנג זיך אויסגעלאָזען;
וואו אַ פוס איז ניט געגאַנגען
האָט דער ווינט שוין לאַנג פאַרבלאָזען, —

זינגען מיר דאָס ליד פון וואַנזין.

הענט, וואָס ברעכען זיך אין צאָרן,
בלייבען ווי געווען פאַרבראָכען;
ווייל דערפילט איז שוין געוואָרען
אלע, וואָס איז געווען פאַרשפּראָכען, —

זינגען מיר דאָס ליד פון אונזין...

ערשטער

לאנגזאמער די טריט פארהאלט,
דאס געזיכט אין זיך באהאלט.

קיינמאל וועלען מיר שוין מער
קומען דרעהען זיך אהער.

איינגעהאלטענער דעם קול,
ווייל דאס איז דאס לעצטע מאל.

טוט אויף אלע ליכט א שפיי
און פארלאזט די שטומע דריי...

אלע

שפייען וועלען מיר ניט דארפען,
ווייל דער פלאם אליין פארגעהט;
נעמען מיר און מיר צעווארפען
אויף די דריי דעם טויטען קנויט. —

נעהען מיר צוריק אין קבר.

טרייסעלט, טרייסעלט אפ די פינגער,
מאכט א שפאן און דרעהט זיך אום,
גיט א ציה צום האלז די צינגער,
ווערט אויף עולם ועד שטום, —

געהען מיר צוריק אין קבר.

די ליכט געהען אוים אין זייערע הענט. פינסטער. אלץ פאר־שווינדט. עטליכע רגע׳ס געהען דורך. עס דערהערען זיך טריט און ס׳באווייזט זיך א שיין. מהר״ל אייַלט אריין מיט דער לאמטערען אין האנט. גולם זיצט אײנער אליין און וואכט איבער די צוויי פלאשען. זיינע אויגען זענען בריוט צועפענט

און זיין גאַנצער פּנים זעהט אויס ווי וואַנזיניג. ער גיט
ניט קיין ריר מיט קיין אבר.

מהר"ל

דו זיצסט נאָר? וועה, וואָס טוט זיך דאָ?
וואָס שווייגסטו?

דערזעהט די פלאַשען.

אויסגעפּוסטע! גיבער טראַגט עס אַוועק.

וואָס זיצסטו?

גולם

קערט ניט אָפּ דעם קאָפּ. שטום.

מהר"ל

ענטפער, רייד.
וואָס איז געשעהן?

גולם

ענטפערט ניט

מהר"ל

דו זעהסט ניט ווער עס רעדט צו דיר?

טרייסעלט איהם פאַר די אַקסלען.

איך הייס דירריידען.
דערקענסט מיך ניט? ביסט שטום געוואָרען?

גולם

טוט אַ קוק אויפ'ן מהר'ל. לאָזט ווידער אַרונטער דעם קאָפּ.

ווער ביסטו? געה אַוועק.

מהר"ל

דו ווייסט ניט ווער איך בין?

גולם

איך ווייס ניט. גאָר נישט. לאָז מיך.

שפּרינגט אויף מיט אַ געשריי.

ביסט ווידער דאָ מיך פּייניגען? אַוועק, אַוועק.

מהר״ל

וואָס איז מיט דיר? ביסט שוואַרץ, צוברענט.

וואָס טוסטו ווידער?

גולם

*לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד.*

לאָז מיך, לאָז מיך.

ניט רייד צו מיר. איך וויים ניט. עפּעס האָט געברענט,

געבילט, געשטורעמט און געטאַנצט,

געזונגען און געשטאַרבען... נעם דאָס בלוט אַוועק!

נעם צו, נעם צו פון דאַנען!...

מהר״ל

*נעמט אים פאַר אַ האַנט.*

באַרוהיג זיך. דערזעה מיך. קום צו זיך.

גולם

*זינקט אין זיין פאַרגליווערונג.*

מהר״ל

דערקענסט מיך אַלץ נאָך ניט?

גולם

ווער ביסטו?

מהר״ל

איך, דער רבי.

גולם

דער רבי? ווער איז דאָס אַזוינס דער רבי? ווילסט זיך זעצען?

מען טאָר ניט. געה ניט צו צו מיר. ניט ריר מיך אָן.

דאָס אָרט איז אָפּגעצייכענט, אָפּגעצאַמט, אַרומגעדרעהט

פאַר מיר אַליין און מער פאַר קיינעם.

מהר״ל

אויב וואַנזין האָט אַזוי צוקרימט דיין פּנים,

זאָל אָפּטאָן זיך פון דיר דער וואַנזין. הער, פאַרנעם,

דו שפּילסט זיך מיט דיין לעבען. האָסט דיין שליחות

נאָך ניט דערפירט צום סוף און שוין האָסטו
אין שרעק און משוגעת איינגעזונקען, אונגליקליכער דו!
וואָס האָסטו מיט דיין ליכטיגקייט געטאָן און מיט דיין פרייד?
וואו האָסטו זיי צוזעעט, צעוואָרפען?
אַ פינסטערניש, אַ ווילדער שרעק אויף דיר, —
וואך אויף, אויב דיינע אויגען זענען בלינד געוואָרען,
געה זוך מיט בלינדע אויגען, ברייננ צוריק
די ליכטינקייט, וואָס איך האָב דיר געגעבען.
וואך אויף!

גולם

אָ, וועק מיך ניט. עס איז מיר גוט אזוי.
איך וועל זיך לייגען און וועל ליגען. שוין. איך ליג שוין.

*לייגט זיך און דרעהט זיך אויף.*

מהר"ל

איך הייס דיר אויפשטעהן, זיין דער זעלביגער וואָס פריהער,
זאָל אָפּטאָן זיך דאָס בלענדעניש פון דיינע אויגען,
און דאָס צוקרימעניש פון דיין געזיכט זאָל ווערען אויסגעגלייכט.

גולם

אָ, ווער דו זאָלסט ניט זיין, ניט פּייניג מיך.

מהר"ל

געה שנעלער, ענדיג דיין שליחות.

גולם

וועלכע שליחות?
דו ביסט אַ פרעמדער דאָ, וואָס קען איך טאָן פאַר דיר?
דו זעהסט, אָט דרעהט זיך ווידער אַלץ ארום...
אָט ווערט מיר גוט, אָט ווערט מיר ליכטיג... זעה,
איך האָב שוין מער קיין מורא ניט... איך ווייס שוין אַלץ.
אָט שעפּט זיך אוים דער אָטעם פון מיין הארץ. —

מהר"ל

דיין שליחות מוזטו ענדיגען. דו מוזט.

גולם

ניט רוף מיך. לאָז מיך איבער דאָ. אויף אייביג.

מהר"ל

דיין שליחות מוזטו ענדיגען, דו מוזט.

גולם

אָ, שטילער זיי... אָט געהען זיי, אָט קומען זיי.

צו מיר אליין...

מהר"ל

ווער קומט?

גולם

צי זעהסטו ניט, צי הערסטו ניט?

זיי שטילער, שטילער, שטילער...

שטעלט זיך פּלוצלונג אויף, צועפּענט זיינע אויגען, פאַלט צו צום מהר״ל.

אָ, רבי, רבי. דו ביסט דאָ? אָ, רבי מיינער!...

---

אין פאלוש פון דער אלטער שול. פרייטאג צו נאכט צו קבלת שבת. דורך דער אנקעגענדיגער אפענער טיר זעהט מען א טייל פון דער שול: ארון קודש, הענג־לייכטער און דעם אנקומענדיגען שבת'דיגען עולם. לינקס א טיר צום הויף. דער גולם ליגט אויף א באנק. ער זעהט אוים אפגעלאזען, פארוואקסען, אויס־געדארט און פארשלאפען. איין פוס געשוכט, די צווייטע בארוועס. דער צווייטער שוך וואלגערט זיך אויפ'ן דיל.

**גולם**

שפרינגט אויף מיט'ן גאנצען כח, מאכט צו די טיר פון שול. פאלט צו צוריק צו זיין געלעגער.

**שמש**

קומט אריין.

געהערט א זעץ! וואו מיינסטו ביסטו?
וואס ארט דיר, אז די טיר איז אפען?

**גולם**

אז איך פארמאך, זאל זיין פארמאכט. און זיי
זיי טוען נאר און עפענען און עפענען.
פארמאכט — זאל זיין פארמאכט.

**שמש**

געזעהן א ביסעל — ער פארמאכט! ווער ביסטו דא?
געהערט א העזה?

**גולם**

מורמעלט.

פארמאכט זאל זיין פארמאכט, זאל זיין פארמאכט.

שמש

וואָס מורמעלסטו? רייד העכער.

גולם

זייער דאגה.

קערט זיך אום מיט'ן פנים צום וואַנט.

שמש

און וויפיל איז דער שעור צו ליגען?
שוין באַלד קבלת שבת און דער רב
קומט אויך שוין באַלד, און דו האָסט נאָך
די שיך ניט אָנגעטאָן אפילו.

גולם

וועלכע שיך?

שמש

וואָס מיינסטו וועלכע? דיינע שיך, ניט מיינע.

גולם

איך טראָג דאָך איינעם, זעהסט ניט?

שמש

אומזיסטע רייד מיט דיר, אומזיסטע רייד.

גולם

דערלאַנג מיר, וועל איך אָנטאָן.

שמש

דערלאַנגען דיר?

גולם

דו ווילסט ניט, דאַרף מען ניט. אוועק פון מיר.

שמש

מען טאָר ניט אומגעהן באָרוויס אין אַ שול.

גולם

שווייגט.

שמש

דו הערסט ניט, וואָס מען רעדט צו דיר? ביסט טויב?
מען דאַוונט דאָך שוין באַלד.

גולם

איך קען ניט דאווענען.

שמש

ביסט ווילד, מען דארף דיך דורכטרייבען פון דאנען.

גולם

דער רב איז נאָך ניטאָ? ניטאָ?

שמש

וואָס איז?

גולם

אזוי. געה זאָג אים, אז איך רוף אים.
געה, זאָג, ער זאָל מיר צוטראָגען דעם שוך.

שמש

דעם שוך? דער רב?

גולם

וואָס פרעגסטו איבער? הערסט ניט?

שפרינגט אויף.

געה, זאָג, איך רוף אים, יאָסעל רופט אים.

שמש

אזא מין העזה; האָסט געהערט. משוגענער.

גולם

איך זאָג דאָך: געה.

ווארפט זיך צו אים.

שמש

לויפט צום טיר.

איר הערט, אידען, אידען!

גולם

פאַלט צו צוריק אויף זיין געלעגער.

שמש

ביים טיר.

דער מענש איז ניט ביים זינען. אנדערש ניט.

די גאַנצע צייט געוואַלגערט זיך אין פינפער־טורעם.
געזאָלט אַ העקער זיין, אַ וואַסער־טרעגער;
אַז אָך און וועה שוין, ווען איך וואָלט באַראַפט
אויף זיינע האָלץ און וואַסער ווארטען. איצטער נאָך
אין פּאַלוש אים אַריינזעצט, אַ באַנק געגעבען,
און עסען, טרינקען, אַפּגעהיט; און ער — ווי נאַר ניט,
דאַס שלאָפט ער אָהן אַנ׳אויפהער צוויי מעת לעת,
און אַט שוין דריטע נאַכט ער מאַכט ניט צו קיין אויג.
אַ מורא כ׳לעבען.
גולם

הייגט וועל איך ניט שרייען.

כ׳וועל שטיל זיין.
שמש

וועסט שטיל זיין? יע, האָסט נעכטען אויך געזאָגט,
און דאָך אַ גאַנצע נאַכט געראַוועט, ניט געלאָזט
קיין אויג פאַרמאַכען קיינעם. פול דער הויף געוועזן.
גולם

כ׳וועל שטיל זיין הייגט. כ׳וועל שטיל זיין.
שמש

נעם וואַש זיך בעסער איין, טו אָן די שיך.
דאָך שבת אויף דער וועלט, און וואָס נאָך פאַר אַ שבת!
גולם

אוועק פון מיר.
שמש

צו האָסטו ניט געהערט פון גרויסען נס?
גולם

פון וועלכען נס? פון וועלכען נס? אַ,לאָז מיך.

צוהט זיך אויס מיט׳ן פּנים אַרונטער און ליגט.
שמש

משוגע אויף אַנ׳אמת.

עפּענט די טיר אַרויסצוגעהן.

גולם

רופט.

שיק דעם רב אהער. ר׳ לוי׳ן שיק.

שמש

שטעה אויף און קום אין שול אריין. וואש אפ דעם פנים.

גולם

אז ער וועט קומען וועל איך אויפשטעהן, וועל זיך איינוואשען,

אז ער וועט קומען.

שמש

האסט געהערט אזוינס?

גולם

א גאנצע וואך אז איך בין דא, און ער איז נאך

קיין איינמאל ניט געקומען זעהן מיך.

שמש

ער צו דיר זאל קומען?

גולם

אוועקגעווארפען האט ער מיך, אוועקגעווארפען,

אריינגעזעצט אהער און קומט ניט.

און איך האב זיך אזוי ביי אים געבעטען:

ניט פיר מיך פון דער הייל ארויס און פונדער פינסטערניש.

שמש

פון וועלכער הייל?

גולם

דו ווייסט נים? יענע הייל.

שמש

איך ווייס ניט, וואס דו רעדסט.

גולם

איך טאר ניט אויסזאגען, דערצעהלען. שטום בין איך.

אוועק פון מיר. איך טאר ניט ריידען. שטום בין איך.

שמש אפ אין שול. לאזט אפען די טיר. אידען רוקען אריין

די קעפּ, קוקנדיק אַרײַן און פֿאַרשווינדען. דער ה ו י כ ע ר
און דער ר ו י ט ע ר קומען אַרײַן, שטעהען בײַם טיר.

הויכער

איך זאָג דיר — ער, איז ער. דער זעלבער יאָסעל.

רויטער

דערמאָן אים ניט בײַם נאָמען, שאַ.

הויכער

עס מאַכט ניט. זעהסט? ער גיט זיך ניט קיין קער אפילו.

רויטער

געדענקסט, ווי דאָרט פֿלעגט ער אַרײַנשפּרינגען
ווי נאָר מען פֿלעגט אַרויסריידען זײַן נאָמען?

הויכער

צי איך געדענק? אודאי.

רויטער

וואָס, ער שלאָפֿט?
ער קען נאָך באַלד אַ שפּרונג טאָן.

הויכער

מען זאָגט, ער שלאָפֿט אַ גאַנץ מעת לעת אָהן אויפֿהער.

רויטער

געדענק מײַן וואָרט: ס'איז עפּעס דאָ פֿאַרהאַנען.
איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: אַ סוד איז דאָ, אַ סוד.

הויכער

אַ סוד? אַ מענש אַ גולם, ווײַטער גאָר נישט.

רויטער

געדענקסט די צוויי די וואַנדערענדע בעטלער?

הויכער

צי איך געדענק!

רויטער

און זייער שרעק פֿאַר אים.
ווי נאָר זיי האָבען אים דערזעהן — קיין וואָרט ניט מער,
אַרויסגעלאָפֿען ווי פֿאַרכאַפּטע.

הויכער

ווער קען וויסען?

דער רב אליין האט דאך געהייסען זיי אוועקגעהן.

מסתמא האט דער רב זיי שוין געקאנט פון פריהער

און ניט געוואלט זיי זאלען בלייבען דא אין פראג.

רויטער

דו ווייסט, וואס איך וועל דיר דערצעהלען? —

טאדעאוש'ען האט ער געשלאגען, ער.

הויכער

ער?

ער איז מיט אונז צוזאמען דאך ארויס פון טורעם.

רויטער

איך זאג דיר ער, — איז ער.

הויכער

פון וואנען ווייסטו?

רויטער

איך וויים. ווייל יענע נאכט האט מיר

די אויגען אויפגעעפענט. וואס און ווער — איך וויים ניט.

איך וויים נאר: עפעס האט זיך אפגעשפילט אין פראג...

ווען אלע זענען מיר, ארויסגעטריבענע, געגאנגען

פון פינפער־טורעם מיט די טארבעס אויף די פלייצעס,

געגאנגען שטום, געדענקסט, גאס איין, גאס אויס,

און ניט געוואוסט אין וועמענס טיר א קלאפ טאן, —

און ער אהינטער אונז — א ריזיגער, א שווערער,

מיט ליידיגען, די הענט אראפגעהאנגענע ארונטער,

די פיס — ווי האמערס צוויי... אט דא אין הארץ

האט מיר געזעצט א יעדער טראט פון זיינע פיס...

און ווען מיר האבען פלוצלינג זיך ארומגעקוקט

און אים דערזעהן אנ'אפגעשטאנענעם פון אונז, —

ער שטעהט אין מיטען גאס און רירט זיך ניט פון ארט.

געדענקסט?

חויכער

ס׳איז גוט געווען, וואָס ער איז אָפּגעשטאַנען.

רוימער

און קיינעם איז ניט איינגעפאַלען גאָר צו רופען אים,
מיר דוכט, ער שטעהט נאָך איצט אזוי אַנ׳אָפּגעשטאַנענער
אין מיטען גאַס, די הענט אַראָפּגעהאַנגענע אַרונטער,
און הערט און זעהט, ווי עמעס שפּילט זיך אָפּ אין פּראַג...

חויכער

אַ נאַכט געווען, אַ נאַכט.

רוימער

און ער איז ראָך צוריק אַוועק אין פינפער־טורעם,
און דאָרט פאַרבליבען, ווייסטו?

חויכער

יאַ, מען זאָגט אַזוי.

שמש קומט אַריין.

שמש

מען דאַווענט באַלד. דער רב איז שוין געקומען.

גולם

ווי ער איז געלעגען די גאַנצע צייט מיט׳ן פּנים צום וואַנט.
שפּרינגט אויף.

געקומען שוין? געקומען?

שמש

יאַ, וואָס איז?

חויכער

דערשראָקען.

אַ שרעק צו קוקען.

ס׳איז נאָרניט ער. אַנ׳אַנדערער געוואָרען.

רוימער

אויסגעדאַרט, פאַרוואַקסען.

ער זעהט אונז ניט, צי ער דערקענט ניט.

גולם

איך דארף זיך אנטאן, ניכער! מיינע שיך!

גערינט דעם שוך, נעמט אנטאן און טוט אים צוריק א שליידער.

אהערצו זאל ער קומען — וועל איך אנטאן.

געה שיק אים מיר, איך ווארט.

שמש

איך הערט א משוגעת?

רויטער

און אפשר דארף ער אים? ווער ווייסט?

גולם

איך וויל אים זעהן.

רויטער

אין שול אריינגעהן האט איר מורא?

גולם

אז ער האט מיר געהייסען דא זיין שטענדיג,

אריינגעשפארט אהער און וויל ניט קומען.

זיצט ארונגעלאזט דעם קאפ.

הויכער

מסתמא האט איר עפעס שלעכטס געטאן.

גולם

ברומט עפעס אויס.

רויטער

דערלאנגען אייך דעם שוך?

גולם

אוועקט פון דאנען.

רויטער

מיר זענען דאך אין שול און ניט אין טורעם.

גולם

שטעלט זיך אויף. די אויגען געווענדט צום רויטען.

אין טורעם?

הויכער

די זעלבע אוינען, זעהסט ניט? קום צוועק.

רויטער

אט שטעהט ער ווידער, ווי אין נאס דארט,

די הענט אראפגעהאנגענע ארונטער, שטעהט און הערט

ווי עפעס שפילט זיך אפ אין פראג...

שמש

וואס רייצט איר זיך מיט אים?

רויטער

איך רייץ זיך ניט. איך וויל אים נאר דערצעהלען:

דער טורעם שטעהט שוין לער איננאנצען.

גולם

לער?

רויטער

און אלע טירען זענען צוגעקלאפט מיט ברעטער.

און אויך די פענסטער.

גולם

וועל איך זיי צוריק פאנאנדערעפענען.

רויטער

וועט עמיצער זיי נאכאמאל פארקלאפען.

אז שלאפען שלאפט דארט קיינער סיי ווי סיי ניט.

גולם

איך געה צוריק אהין. איך וויל ניט זיין דא.

רויטער

ווער לאזט אייך ניט?

גולם

דער רבי לאזט ניט.

מיט קולות.

נעהט שיקט דעם רבי'ן!

קלאפט אין וואנט.

שיקט דעם רבי'ן!

און איר, וואָס דאַרפט איר דאָ? ווער זענט איר?

מיט אַמאָל.

פון דאַרט געקומען? צונעקלאַפּט די טירען און אוועק?
געלאָזט אַליין דעם פינפער־טורעם, האָ? געלאָזט אַליין?
און דער, וואָס זיצט דאָרטען און וואַרט אויף מיר,
קען קיינמאָל ניט אַרויסגעהן שוין אַנקעגען מיר.

רויטער

ווער וואַרט דאָרטען אויף אייך?

גולם

וואָס מיינסטו — ווער?
אַז איך בין דאָ, איז ע ר דאָרט איין־אַליין.
איך הער די גאַנצע צייט ער רופט מיך קומען,
ער רופט מיך מיט אַ שטיקענדיגען קול,
אַזוי ווי עמיצער וואָלט אים ביים האַלז געוואָרגען.
איך ווייס שוין איצט: די טירען זענען צוגעקלאַפּט.
אַוועקט פון מיר! אַרויס פון דאַנען!

וואַרפט זיך צו זיי שלאָגען. אין דעם קומט אַריין מהר״ל.

מהר״ל

ניט הויב קיין האַנט!

גולם

דרעהט זיך צוזאַמען. ער שפּירט אויף זיך מהר״ל'ס בליקען
און בויגט אַרונטער דעם קאָפּ. פּלוצלונג — מיט פרייד.

אָ, רבי.

מהר״ל

אויף וועמען הויבסטו דיינע הענט?

גולם

שטאַמעלט.

אָ, זיי מיר מוחל, רבי.

מהר״ל

צו די אידען.

געהט אין שול אריין.

די אידען גייען אוועק.

מהר"ל

דער שמש זאגט — דו ווילסט מיך זעהן.

גולם

שווייגט.

מהר"ל

וואס שווייגסטו? רייד. דו ווילסט עפעס?

גולם

וואס זאל איך ווילען!

מהר"ל

האסט דאך מיך גערופען.

און — באַרוועס גאר!

גולם

דו ווילסט, איך זאל זיך אנטאן, רבי?

מהר"ל

צי איך וויל?

גולם

אז דו האסט מיך פארלאזט.

מהר"ל

אזוי פארוואקסען, חשך, ניט ארומגעוואשען.

דער שמש זאגט — דו שלאפסט ניט גאנצע נעכט.

גולם

איך קען ניט שלאפען. איך האב מורא.

מהר"ל

פאר וועמען?

גולם

א גאנצע נאכט האט נעכטען מיך געשראקען

מיין רעכטער אקסעל.

מהר"ל

פאר וואס דער רעכטער?

גולם

איך ווייס ניט, רבי. אט האב איך מיטביידע אויגען
זיך אפגעקערט צום לינקען אקסעל; מיט אמאל
איך זעה, דער רעכטער נעמט זיך הויבען, הויבען,
וואקסט אויס און קריכט אריבער אויף דער צווייטער זייט.
איך פאל אנידער מיט׳ן פנים צו דער ערד,
באהאלט די אויגען, ליג. און ווידער הער איך
ווי עמיץ טוט א ריס דעם קאפ מיר פון דער ערד,
און צווינגט מיך ווידער קוקען אויפ׳ן אקסעל.

מהר״ל

און וואס דערנאך?

גולם

איך זעה, איך קען זיך ניט באהאלטען,
מיין אקסעל פלוצלונג נעמט און רייסט זיך אפ
און ווערט א לאנגע האנט פון דאנען ביז׳ן טורעם.
די פינגער, אויסגעבויגענע, פארווארפען זיך ארום מיין האלז,
ווי עמיצער וואלט וועלען מיך ארומנעמען און קושען.
אט ציהט זיך אויס די האנט און נעמט מיך רופען,
און אלע פינגער ווינקען, ברעכען זיך און קנאקען,
און וויינען נעמען אלע פינגער, יאמערען,
און דער געוויין איז לאנג פון דאנען ביז׳ן טורעם...

מהר״ל

און דו האסט נאך געוואלט דארט איבערבלייבען. —

גולם

אז דו האסט דאך געוואלט זיין ווייט פון מיר.

מהר״ל

פון וואנען ווייסטו?

גולם

דו דארפסט מיך מער ניט האבען.

מהר״ל

פון וואנען ווייסטו ד א ס ?

גולם

איך האָב שוין אַלע דיינע שליחות אָפּגעטאָן.

מהר"ל

דו ווייסט אַז אַלע?

גולם

דו רופסט מיך מער אין ערגעץ ניט און קומסט ניט.
זיי דאָ מיט מיר.

מהר"ל

אָט בין איך דאָ.

גולם

זיי אַלע מאָל מיט מיר. גיט נעה צו זיי —

מהר"ל

צי ווייסטו וואָס די ליפּען דיינע ריידען?

גולם

שפּרינגט אויף.

איך וויים.

מהר"ל

וואָס שפּרינגסטו? שטעה!

גולם

דו פיינינסט מיך. פאַרוואָס?

מהר"ל

איך האָב דיך פריי געלאָזט, געזאָגט דיר: געה
וואוהין דו ווילסט.

גולם

און איינגעשפּאַרט מיך דאָ.

מהר"ל

אַז איך האָב דיר ערלויבט צו געהן, ביסטו פונדעסטוועגען
געבליבען שטעהן.

גולם

וואוהין האָב איך געזאָלט אוועקגעהן?
אַז דו האַלסט פעסט אין דיינע הענט מיין לעבען...

מהר״ל

פון וואנען ווייסטו ד א ס ?

גולם

איך ווייס שוין אלץ.

דיין האנט איז איבער מיר, נאר דו ביסט ניט מיט מיר.

מהר״ל

דו ווייסט, און וואס דו ווייסט צוטומעלט דיך,

פארפלאָנטערט דיך נאך מער, אנשטאט צו פרעהען זיך —

גולם

אז דו ביסט ניט מיט מיר.

מהר״ל

ווי זאָל איך זיין מיט דיר ?

גולם

אָט דאָ אין פּאַליש זיי מיט מיר אויף אלע מאָל.

איך וועל די באנק דיר אָפּגעבען צו שלאָפען,

און איך אליין וועל ליגען אויפ׳ן דיל צופוסען דיר.

מהר״ל

אזוי פיל אונרוה אין דיין הארץ, אזוי פיל שנאה ;

אזוי פיל שווארצע תאוה, קאלטע בייזקייט

און אונבאהאָלפענקייט אין דיינע אָדערען פליסט אום...

זאָלסט שולדיג זיין אין דעם ? קיין מוטערס אָטעם

האָט ניט געשפּרייט זיך איבער דיר אין קינדער־יאָרען,

קיין מלאך׳ס פליגעל האָט ניט אָנגערירט דיין וויג...

און איך האָב שוין געמיינט — דו וועסט זיך ראטעווען,

וועסט רוה געפינען, אָנהויבען ווי אלע לעבען,

ווי אידען לעבען.

גולם

רבי, רבי.

מהר״ל

דו קענסט פון דיין פארלאָרענקייט זיך ניט באפרייען,

און איבער קיין זאך קענסטו ניט דערהויבען זיך,

און אויך ניט — איבער זיך אליין. וואָס איז פון דעם
וואָס עפּעס האָסטו יאָ באַגריפן, יאָ פאַרנומען,
אַז אַלץ, וואָס האָט זיך פאַר דיין אויג אַנטפּלעקט,
האָט אויף אַ האָר דיין לעבן ניט געלייטערט, ניט געשטילט
דיין אומרוה, אויף דיין מויל קיין שמייכעל ניט געבאָרן...
די גאַנצע וועלט וואָלט זאָל איך אוועקוואַרפן, פאַרלאָזן
און בלייבן דאָ מיט דיר, — און וואָס וועט דאַמאָלט זיין?

גולם

מיין אומרוה וועט אַוועק פון מיר.

מהר"ל

דיין אומרוה איז דיין מזל. האָסט אַליין,
דערזעהענדיג צום ערשטען מאָל גאָטס וועלט,
מיט דיינע הענט דיין מזל אָנגעצייכענט:
עס האָט דיין מויל קיין שמייכעל ניט געגעבען...
איז ווייניג, וואָס דו נעהסט אַרום האַלב באַרוויס
און האַלב געשוכט און הערסט ווי אידען דאַוונען?
איז ווייניג דאָס פאַר דיר?

גולם

שטעהט מיט פאַרדעקטען געזיכט.

מהר"ל

עס איז דיר שלעכט. איך וויים. פּרוב איין מאָל, צוויי מאָל
אַריינגעהן גלייך מיט אַלעמען אין שול און צוהערען,
פאַרנעמען... איך האָב דיר געהייסען שטיל זיין,
זיך האַלטען פון דער זייט, נאָר ניט ד ע ר ו ו י י ט ע ר ט;
און דו, ווי נאָר דו האָסט פאַר מענשען זיך באַוויזען,
אַזוי אַ שטעל געטאָן די פיס האָסטו, אַזוי אַ קוק געטאָן,
אַז אַלע זענען זיך אין שרעק צולאָפען... —
ווי אַלץ וואָלט זיך צו דיר דערנענטערט, ווען דיין מויל
וואָלט געבען נאָר איין שמייכעל...

גולם

שטעהט געקלעמט.

מהר״ל

וואָס שווייגסטו?

גולם

פאַרלאָז מיך ניט,

מהר״ל

אַ ערה אידען שטעהט און וואַרט אויף מיר,
און איך זאָל זיך געזעגענען מיט דיר.

גולם

טאָ לאָז מיך געהן צוריק אין פינפער־טורעם,

מהר״ל

דער פינפער־טורעם איז פאַרשלאָסען.

גולם

אויף אַלע מאָל?

מהר״ל

אויף אַלע מאָל.

נעמט געהן אין שול אַריין.

גולם

ניט געה אַוועק פון מיר.

כאַפּט אָן דעם מהר״ל פאַר אַ האַנט.

מהר״ל

זיי שטיל, גענוג.

גולם

אויפפאָדערענדיג.

איך זאָג: פאַרבלייב!

מהר״ל

אַזוי נאָר, דו באַפעלסט?

גולם

איך באַפעל.

מהר״ל

מיט ד י י נ ע ליפּען רעדסטו דאָס?

גולם

מיט מיינע.

מהר"ל

אזוי? מיט דיינע?

גולם

מיט מיינע, יע! דו זעהסט די האַנט —
די האַנט איז אויכ'ט מיינע!

פאַרמעסט זיך מיט'ן פויסט איבער מהר"לים קאָפּ.

מהר"ל

טוט גיט קיין ציטער. ער דריגגט נאָר דורך דעם גולם מיט די אויגען. דער גולם, ווי ער האָט זיך פאַרמאָסטען מיט זיין האַנט, בלייבט אַזוי ווי פאַרגליווערט מיט דער אויפגעהויבענער האַנט אין דער לופטען.

מהר"ל

וואס שטעהסטו? קענסט די האַנט ארונטערלאָזען שוין...

געהט אַריין אין שול, פאַרמאַכענדיג די טיר אַהינטער זיך.

גולם

לאָזט זיך אַרונטער צום דיל, פאַלט אַנידער ארומכאַפּענדיג דעם קאָפּ. ער נעמט פון זיך רייסען די קליידער, די האָר. ציהט זיך אויס מיט'ן פּנים אַראָפּ, פאַרגעהט זיך אין אַ פאַרשטיקטען יאָמער.

שטיל. דורכ'ן טיר הערט זיך ווי מען דאַווענט קבלת שבת. די ליכט אויפ'ן קליינעם עמוד פון פּאַליש שפּריצען און וויגען זיך אין אַלע זייטען. דער גולם הייבט זיך אויף פון דער ערד קריכט צו אויף אַלע פיער צו זיין געלעגער און טוט זיך אַ וואָרף אויף אים. פון צייט צו צייט גיט זיך אָנ'עפען די טיר, עס קוקען אַריין קעפּ און פאַרשווינדען צוריק. דער גולם שטעלט זיך אויף, כאַפּט דעם שוך, וויל אַנטאַן, זיינע הענט אָבער ציטערען. ער וואַרפט אַוועק צוריק דעם שוך. ער געפינט שטיקלעך ברויט און נעמט קייען. עסט און קרימט זיך, טרינקט וואַסער און שפּריצט זיך דעם פּנים.

מיט אמאל כאפט ער ארויס א האק פון אונטער'ן צוקאפענס. די האק מיט וועלכער ער פלעגט שפאלטען האלץ, שטעלט זיך אוועק לעבן טיר, עפענט זי ביסלעכווייז און קוקט אריין אין שול. עפענט און פארמאכט. קענטיג, אז ער האט פארטראכט עפעס שרעקליכעס. האלט אויסגעשטרעקט די האק אין דער הויך. פלוצלינג שפרינגט ער אפ פון טיר צום פענסטער צו, טוט א זעץ מיט דער האק אין די שויבען, שפרינגט ארוים דורך'ן פענסטער אין גאס אריין.

קלאר הערט זיך יעצט יעדעס ווארט פון חזן. ער הייבט אן זאגען „מזמור שיר ליום השבת", און דער עולם פאלגט אים נאך, — ווי מיט אמאל דערהערען זיך פון גאס גוואלדיגע געשרייען, געוויינען פון פרויען און קינדער. א קנאקעריי פון שויבען און איינגעפאלענע ווענט. דער גאנצער עולם פון שול נעמט לויפען אין א שרעקליכער מהומה. מען לויפט אריין אין פאלוש. קיינער ווייסט ניט, וואס עס האט פאסירט. דער גאנצער עולם לאזט זיך ארויס אין גאס.

מהר"ל

לויפט אריין טויט בלאס, גיט א קלאפ מיט די הענט.

ניטא אים. ניטא אים.

וויל זיך לאזען צום גאס, ערשט מען לויפט אים אנקעגען. אידען, אידענעס, קינדער, אלע ברעכען מיט די הענט און וויינען.

מהר"ל

וואס איז געשעהן? גיבער!

אלע

— דער משרת! דער גולם... מיט א האק.

— שוין צוויי ען איבער'ן קאפ געטראפען.

— ער מאכט חרב פראג!

— ער שליידערט הייזער!

אלע נאכ'ן מהר"ל אפ. די טירען אפען. מען הערט דאס גע־ לויפעריי און געשרייען.

תנחום

מיט א צובלוטיגטען קאָפּ לויפט אריין, נאָך אים אידען. כאַ־פּען אים פאַר די הענט און פירען אים אין שול אַריין.

תנחום

ווער וועט ראַטעווען, האַ ?
מיין קאָפּ ! מיין קאָפּ !

לויפען אין שול אַריין. די מהומה פון גאַס דערנענטערט זיך אַלץ מער. מהר״ל פירט אַריין דעם גולם פאַר׳ן האַנט, אין וועלכער ער, דער גולם, האַלט א פארבלוטיגטע האַק. דער עולם רייסט זיך אריין, וואַרפט זיך צום גולם. פרויען וויינען. מהר״ל, מיט איין האַנט האַלט ער דעם גולם, מיט דער צווייטער באַשיצט ער אים פון דעם עולם.

מהר״ל

אין שול אַריין גּעהט אַלע. איך הייס אייך.

עולם

—פאַרגאַסען בלוט.
—אידיש בלוט.
—פאַרשטיינט אים !

מהר״ל

איך הייס אייך אַלעמען אין שול אַריינגעהן.

דער עולם געהט אריין אין שול. מהר״ל מאַכט צו ביידע טירען. דער גולם שטעהט אין מיטען חדר. די האַק איז אין זיין האַנט ווי פאַרגליווערט געוואָרען, אַרונטערגעלאָזט זיך אַרונטער.

מהר״ל

אַ, וואָס האָסטו געטאָן ? צי ווייסטו ? זאָג.

גולם

פאַרגאָסען בלוט.

מהר״ל

צי ווייסטו וועמענס בלוט דו האָסט פאַרגאָסען ?

גולם

אידיש בלוט

מהר״ל

פאלט צו מיט׳ן פנים צום עמוד וואו עס ברענען די שבת ליכט.

אויף מיין קאפ פאלט דאס בלוט. אויף מיין קאפ...
געקומען ראטעווען און איצט אליין פארגאסען.
איז דאס א שטראף פאר אונזער פרייד, רבונו עולם?
איז דאס דיין שטראף פאר וועלען ראטעווען זיך?
צי האסטו ניט באוויליגט?
צי איז דאס אלץ געטאן געווארען ניט דורך דיר?
פארוואס אזא שטראף?...

שטיל שווייגען.

מהר״ל

צי האסטו גאר געוואלט מיך אויספרובען
און אויפגעדעקט פאר מיר דאס איבערמענשליכע,
געלאזען מיר א שעפפער זיין, געוועלטיגען, באפעלען,
כדי צו זעהן צום סוף מיין נישטיגקייט, מיין גרויסע זינד?
און מערער נאך — מיין זינד אנקעגען אלע אידען?
וואס איך האב אין מיין אונגעדולד, אין מיין פארצווייפלונג
געוואלט זיך אפקערען פון יענע וועגען פון דיין פאלק
וואס זענען שטיל, געדולדיג, פול בטחון, אייביג?...
מיין זינד פאר וועלען אפנעמען ביים פיינד דאס זייניגע;
דער פיינד האט אויפגעמאנט...
איך האב געוואלט פארמיידען בלוט און בלוט פארגאסען...

פויזע.

און אויף דער האק האב איך אינגאנצען זיך פארגעסען. —
וואס שטעהסטו, קוקסט? — די האק איז דיר צונוץ געקומען;
אט בויג איך מיין קאפ אויך ארונטער, — שפאלט,
גאנצע זי אויך מיט מיין בלוט.

גולם

רבי.

מהר״ל

א שטילער! זאגסט נאך רבי — גולם דו!

גולם

רבי.

מהר"ל

ווי גרויס און ווי גערעכטיג איז דיין שטראף...
און ער — ער קען אפילו שולדיג דאך ניט זיין;
ער האט צוויי גרויסע פויסטען — הויבט ער זיי...
האסט אויפגעעפענט מיר די אויגען צו דערזעהן
ווי כ'האב קיין שליטה ניט אויף גרויסע פויסטען...
א, וואס וועט איצטער זיין!

גולם

וועסט זיין מיט מיר.

מהר"ל

געכאפט פון דיינע גרויסע פויסטען.)

גולם

וועסט זיין מיט מיר.

מהר"ל

אינ'ם נעץ פון בלוט און ניט געלייטערטען שגעון.
און זאל איך דיר פארלאזען —

גולם

וועל איך ווידער —

מהר"ל

האסט אויסגערעכענט, אויסגערעכענט גוט.

גולם

דורך בענקעניש.

מהר"ל

אזוי? דורך בענקעניש? געפאנגען מיך,
פון אלע אידען, פון דער גאנצער וועלט מיך אפגענומען;
איצט וועל איך שוין קיין טראט ניט קענען טאן אהן דיר.
וועל זיצען דא, וועל שלאפען דא... א גוטער איינפאל.

גולם

**מיט פרייד.**

וועסט זיין מיט מיר אויף אלע מאל?
שוין ניט פארלאזען מיך? וואס קוקסטו בייז אזוי?
וואס האב איך שלעכטס געטאן דיר?... זעץ זיך, רבי.
צי אפשר ווילסט זיך צושפארען? —ביסט מיד.
ס'וועט קיינער ניט אריינקומען אהער.

מהר"ל

ס'וועט קיינער ניט אריינקומען אהער. און דארט—
א גאנצע ערדה שטעהט און ווארט.

זעצט זיך אויפ'ן באנק, נעמט ארום דעם קאפ, לאזט אים אראנטער מידערהייט. גולם שטעהט לעבן אים א דאנקבארער, א צופרידע־נער.

גולם

וועסט ניט אוועקגעהן, רבי?

מהר"ל

מיט דיר, מיט דיר. כ'וועל ניט אוועקגעהן.
כ'וועל דא זיין. שלאפען דא און עסען דא...
מיט איין געשוכטען פוס און ניט געוואשען פנים...
און דארט וועט שטעהן דער עולם און וועט ווארטען...
אין מיטען מזמור שיר ליום השבת...
און איך וועל ניט ארויסקומען צום עולם...

גולם

וואס רעדסטו, רבי? זעה, דו פאלסט באלד.
וואס איז דיר, רבי?

מהר"ל

עס וועט זיי נמאס ווערען ווארטען — וועלען זיי
אליין דאס דאווענען ענדיגען, א היים אוועקגעהן.
און איך וועל בלייבען דא מיט דיר, מיט דיר...
אט וועלען באלד די ליכט זיך אויסלעשען,

ווען ווערען פינסטער, גאָר ניט ווי אום שבת...
וואָס זאָגסטו, יאָסעל? זאָגסט עפּעס?

גולם

איך שווייג דאָך, רבי.

מהר"ל

דו שווייגסט? און מיר האָט זיך געדוכט דו זאָגסט עפּעס...
ווען ווערען פינסטער — וועלען מיר צוזאַמען
אַזוי אַ זיצען. דו — מיט דיין פאַרבלוטיגט האַק,
און איך — —

זינקט אַרונטער ניט פאַרענדיגענדיג זיינע ווערטער. פון שול דערטראָגט זיך אַטומעל. עמיצער רייסט זיך צום טיר. די טיר רייסט זיך אויף און עס לויפט אַריין דבורה'ל. עמיצער פון שול פאַרמאַכט די טיר צוריק.

דבורה'ל

זיידע, זיידע.

וויינט.

גולם

מיט פרייד.

אַ, רבי, זעה, — דבורה'ל!

מהר"ל

הויבט קוים אויף דעם קאָפּ.

וואָס איז דיר, טאָכטער?

דבורה'ל

כ'האָב מורא. קום אַרויס פון דאַנען, זיידע.
די באָבע וויינט און אַלע וויינען; קום אַרויס, —
וואָס איז דיר, זיידע?

גולם

דער רבי בלייבט מיט מיר... ניט וויין. ביסט אויך געקומען?
וועסט אויך פאַרבלייבען, דבורה'ל? בלייב, בלייב.

דבורה׳ל

וואָס רעדט ער? זיידע, ענטפער.

מהר״ל

ניט וויין, מיין טאָכטער.

גולם

וואָס גערסט ניט צו צו מיר? וואָס האָסטו מורא, דבורה׳ל?

דבורה׳ל

וואָס רעדט ער? זיידע.

*פאַלט אויפ׳ן האַלז דעם מהר״ל.*

מהר״ל

כ׳בין מיד... איך רוה... ניט וויין...

דבורה׳ל

*שפרינגט צו צום גולם.*

רוצח!

גולם

*כאַפּט דבורה׳לען פאַר׳ן האַנט.*

מען דאַרף ניט שרייען. שרעק זיך ניט. דער רבי רוהט.
ניט וועק אים... וויין ניט; זעהסט, איך טו דיר גאָרניט.
וועסט דאָ פאַרבלייבען, יע?

דבורה׳ל

*רייסט די האַנט פון אים.*

ניט ריר מיך אָן, ניט ריר מיך אָן. אוועק.

גולם

ניט שריי. דער רבי שרייט דאָך אויך ניט...
און מיר איז גוט, און מיר איז פרעהליך...
ווי שמעקענדיג דיין קאָפּ איז, דבורה׳ל, דיינע האָר,
און דיינע הענט אזוינע ווארימע... וואָס רייסטו זיך?
איך האַלט דיך פעסט. ביסט מיינע, מיינע,
צו מיר געקומען...

*ער ציהט זי צו זיך.*

דברה'ל

וואָס זאָגסטו גאָר נישט? זיידע, זיידע, זעה!

מהר"ל

זיצט געזונקען.

גולם

ביסט מיינע, יע? ביסט מיינע. ביסט א גוטע.

און וואו ביסטו געווען די גאנצע צייט?

אָ, דברה'ל.

קלאַמערט זי אריין אין זיינע אָרימס.

דברה'ל

ווייזט פאַרשטיקט אין זיינע אָרעמס.

מהר"ל

הויבט זיך אויף, פאַרברעכט די הענט.

אויך זי אריינגעכאַפּט האָסטו!

מיט צוריק געפונענער קראַפט.

יאָסעל! גולם דו!

גולם

באַפרייט דברה'לען.

דברה'ל

פאַלט צו צום מהר"ל.

באַהאַלט מיך. קום ארויס פון דאַנען.

מהר"ל

פעסט.

געה זאָג אין שול: איך קום באַלד.

דברה'ל

קום שוין, כ'האָב מורא.

מהר"ל

איך זאָג דאָך: געה.

זיי רוהיג, טאָכטער, געה.

דברה'ל אין שרעק אָפּ.

גולם

וואוהין איז זי אוועק? וואוהין? פארוואס?

מהר"ל

קיין צווייטער טאר ניט זעהן ווי דו ריכסט אפ דיין שליחות.

גולם

שליחות? וועלכע שליחות? האב איך דען
ניט אלע דיינע שליחות אפגעטאן?

מהר"ל

די לעצטע שליחות. זעהסט, עס לעשען זיך
די ליכט שוין אוים. נאר איין און איינציג ליכט
די לעצטע, פינקעלט נאך, און באלד וועט אויך
די לעצטע זיך פארלעשען... דארפסט זיך איילען.

גולם

וואוהין זאל איך זיך איילען, רבי?

מהר"ל

ארויסגעהן פון דער פינסטערניש. געצעהלטע רגע'ס
פארבליבען זענען נאך, געצעהלטע רגע'ס.
אז ניט וועט פינסטער ווערען גאר אין גאנצען, יאסעל —
וועט זיין שוין שפעט די לעצטע שליחות טאן.
איך הייס דיר איילען זיך.

גולם

וואס דארף איך טאן?

מהר"ל

א, פרעג ניט, פרעג ניט. אלץ איז שוין
פארשלאסען און פאר'חתמ'עט און פארגעבען...
איך האב שוין אפגערוהט...

גולם

איך פאלג דיר, רבי. רוף מיך וועל איך געהן.

מהר"ל

דו דארפסט ניט געהן. אט דא פאר מיינע אויגען
וועסט אויספירען דיין לעצטע שליחות. לייג זיך צו דער ערד.

גולם

ווי דאַן? דעם אויער צולייגעגן, זיך איינהערען?

מהר״ל

וועסט גאָר נישט הערען היינט. די ערד איז שטום.
זי רוהט. ס׳איז שבת היינט. וועסט אויך געהן רוהען.
ווייל איך האָב מיר שוין אָפּגערוהט, און דו נאָך ניט.

גולם

וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?

מהר״ל

דו הערסט דאָך: רוה דיר געבען, שבת־רוה...
דיין גאַנצעם לעבען שרייט אַרויס נאָך רוה...
איך הייס דיר, לייג זיך אויף דער ערד אַוועק.

גולם

*לייגט זיך אַוועק אויפ׳ן דיל.*

אָט ליג איך, רבי.

מהר״ל

ציה אויס די פיס.

גולם

אָט האָב איך זיי שוין אויסגעצויגען, רבי.

מהר״ל

ציה אויס די הענט.

גולם

*זעצט זיך אויף אין ציטערניש.*

וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר? וואָס ווילסטו טאָן?

מהר״ל

ניט פרעג.

גולם

*ציהט זיך מיט די הענט צום מהר״ל.*

ניט הייס מיר לייגען זיך, ניט הייס מיר, רבי, רבי,
וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?

מהר״ל

ניטאָ קיין ענטפער. ציה זיך אוים אַ צווייטען מאָל.

גולם

אַט האָב איך זיי שוין אויסגעצויגען, רבי.
וועסט אָבער ניט אוועקגעהן, רבי, — יע?

מהר״ל

מאַך צו די אויגען.

גולם

וועסט בלייבען דאָ מיט מיר אויף שטענדיג, יע?
אַט האָב איך זיי שוין צוגעמאַכט...

מהר״ל

כ'בין גוזר: זאָלען דיינע הענט און פיס, דיין קאָפּ,
דיין גוף מיט אַלע זיינע אברים, גידים
זיך אומקערען צוריק צו זייער רוה.
הויך אוים דיין לעצטען אָטעם. אָמן.

גולם

באַוועגט זיך ניט מער.

די צאַנקענדיגע ליכט אינ'ם עמוד פאַרלעשט זיך.

מהר״ל

שטעהט איבער'ן געשטאַרבענעם אַ לענגערע צייט, גיט זיך אַ ריהר פון אָרט, געהט צו צום טיר פון שול, עפענט און זאָגט אַריין.

רופט דעם שמש צו.

דער שמש קומט צו צום טיר.

מהר״ל

צום שמש.

לאָז קיינעם ניט אַריין אהער ביז איבער שבת...
און איצט רוף אוים צו זאָגען נאָכאַמאָל
פון אָנהויב „מזמור שיר ליום השבת“ —

געהט אַרוים און פאַרמאַכט פעסט די טיר. פינסטער. דער א י ב ו נ ר א ה שלייכט זיך אַריין.

## אינו נראה

דער פינפער טורעם איז שוין אָפען ווידער...
צי אפשר, ווייל דאָס איז די לעצטע רגע
צועפענען זיך אַלע שלעסער און זיי רופען: קום...
אַט קום איך. סיי ווי סיי וואָלט איך געקומען,
אפילו ווען די שלעסער וואָלטען בלייבען הענגען.

שטעהט איינגעבויגען איבער'ן געשטאָרבענעם.

דערווייל האָט זיך מיט איינאונאיינציג רגע
פאַרצויגען מער, דורך מיר, דיין לעבען; —
זיי דאנקבאר מ י ר פאַר דער געראַטעוועטער רגע,
ווייל אַט פאַרגעהט זי...

פאַלט אַנידער איבער'ן געשטאָרבענעם.

---

ניו יאָרק, 1917-1920.